Latteiner, Joseph.
Der Sotn in Ganeydn:
folkssshtik mit gezang
und tants in fir akten.
Lemberg, 1908.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873. 4

**Latteiner, Joseph, 1853-1935.**
Der Sotn in Ganeydn : folksshtik mit gezang und tants in fir akten / muzik fon Vohl. Lemberg: Ferlag fon David Roth, 1908.
69 p. ; 23 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Wohl, Herman. II. Ukraine-Lviv

ID: NXYH01-B21143 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106059 (d)

Reduction ratio X 10.0.

# דער שטן
# אין גן־עדן

פאלקסשטיק מיט געזאנג און טאנץ אין 4 אקטען.

פאָן

**יאזעף לאטיינער.**

מוזיק פאָן וואָהל.





פרייז 30 קאפּ.

פערלאג פון דוד ראָטה בוכהאנדלונג אין לעמבערג.

לעמבערג, דרוק פאָן א. סאלאט. תרס״ט.

Lemberg, Verlag von D. Roth, Druck von E. Salat.

דֶער

# שָׂטָן אִין גַן עֵדֶן

פָאלקסשטיק מיט געזאנג אונד טאנץ אין 4 אקטען.

פָאָן

יאזעף לאטיינער.

מוזיק פָאָן וואָהל.



פֶערלאַג פָאָן דוד ראָטה בוכהאַנדלונג אין לעמבערג.

---

## DER SATAN im PARADIESE.

Lebensbild in 4 Akten von J. Lateiner, Musik von Wohl.

Verlag D. ROTH, Buchhandlung Lemberg 1908.

Druck von E. SALAT, Lemberg.

דעמנעכסט ערשיינט „עזריה גבור חיל“ (דער טאפּפערער העלד.)

## פערזאנען:

מלכה כאהאנע.

יאסעלע כאהאנע איהר זאהן.

אליקים איהר שוואגער.

העניעלע ערצויגען ביי מלכה כאהאנע.

לייזערקי האפ (קרום א ביסעל אויף איין פים).

בינים (דיענער בייא פרוי כאהאנע).

זיסעל דיענסט בייא יאסעלע'ן.

| | |
|---|---|
| סאנקע | וואנדערנדע ציגיינער. |
| מירא | |

חזן.

בנימינדיל (זיין קינד 6 יאהר אלט).

מעהרערע דיענער — פרויען — משוררים ביים חזן — מארקויצערס און מארקויצערינס.



# ערשטער אקט.

(שעהנער זאל בייא מלכה כאהאנע, מעבעל).

(העניעלע זיצט לעזט א בוך).

(לייזערקי לענט אויף איהרע שולטערן די האנד).

**העניעלע:** ווער האט דיר דאס רעכט געגעבען דיא האנד אויף מיר צו לעגען?

**לייזער:** וואסזשע דוא ביסט דען פון גלאז?

**העניעלע:** יא! פאר דיר בין איך פון גלאז, און דוא קענסט דיר נאך דיא האנד צערשניידען.

**לייזער:** אה! וואס ביסטו מיר עפים אזא גרויסע פריצע? דוא פערגעסט אז דו ביסט דא נישט מעהר וויא איין אנגעבעטענע, פארגעס נישט אז נאר פאר רחמנות האלט מען דיך דא אין הויז (וויל ווייטער רעדען זי שלאגט איהם איבער).

**העניעלע:** לאז מיך צופריעדען, וואס שטעהרסטע מיך? וואס ווילסטו?

**לייזער:** וואס איך וויל פרעגסטו? איך האב דיך ליעב און איך וויל דיך אין דער אמת'ן גליקליך מאכען.

**העניעלע:** חה־חה־חה פערליעבט? לייזערקי אלם ראמעא? אבער ליידער קען איך דיינע יוליע נישט זיין. וואס ווילסטו פון מיר? פאר וואס ביסטו געקומען מיך פייניגען?

**לייזער:** איך בין דיך געקומען ראטהען וויא א גוטער פריינד, דוא מיינסט איך זעה נישט ווי דו שושקעסט דיך שטילערהייט מיט יאסעלען? וואס זאגט ער דיר צו? אז ער וועט מיט דיר חתונה האבען? נוא און ביי דיר איז דאס טאקע איינגערעט אז דער רייכער מאדאם כאהאנעס זוהן וועט זיין דיין מאן? א געבטינגער טאג!

**הענעלע:** זאג נאר לייזערקע! ווער האט נאך דיר געשיקט? און ווער פערלאנגט פון דיר עצות?

**לייזער:** עצות? ווייל איך האב דיך באמת ליעב, און איך וויל דיך באמת גליקליך מאכען!

**הענעלע:** ביזט שוין פערטיג?

**לייזער:** יא! איצט וויל איך הערען דיין ענפער!

**הענעלע:** גאט זייא דאנק! אנטווארט? יא גלייך זאלסטו הערען!

**לייזער:** רעד הענעלע!

**הענעלע:** שוין דיין פנים אליין אנצוקוקען פערגעהט איינעם דער אפעטיט אויף א גאנצען טאג, און ווער עס האט נאך דאס אונגליק דיין געמיינעם ניעדריגען חאראקטער צו קענען אזוי ווי איך קען איהם, דער דארף זיך שוין פאר דעם גיהנם אויף יענער וועלט נישט מעהר שרעקען, דען אזא פערוואָרפענער טייפעל וויא דוא ביסט, איז אפילו אין גיהנם אויך נישטא.

**לייזער:** ועהסטו, פאר אזא ברוך הבא וואלט איך דאך געדארפט אוף דיר ברוגז ווערען, נאר וואס דען? איך בין מיר א מענש מיט א קאלטער ~~ליעבע און איך~~ דאנק דיר פאר'ן קאמפלימענט!

**הענעלע:** נישטא פאר וואס! נוא! וואסזשע נאך שטעהסטו?

**לייזער:** יא! איך מיין אז איך מעג שוין געהן.

**הענעלע:** איך מיין אויך אזוי!

**לייזער:** הענעלע! אך ווען דוא זאלסט פיהלען מיין הארץ...

**הענעלע:** אוים מיינע אויגען! איך זאג דיר אדיע...

**לייזער:** געדענק איך געה, אבער איך וויים וואס איך האב צו טהון.

**הענעלע:** געה און טהו וואס דוא ווילסט, טהו וואס דו ווילסט און קענסט, אבי איך זאל מעהר דיין פנים נישט אנקוקען.

**לייזער:** הענעלע!...

**הענעלע:** וואס ווילסטו פון מיר האבען? ביזט מיר פערהאסט וויא



א שפין, געה! אדער לאז מיך געהן, נא דיר אזא אנשיקעניש אויף מיין קאפ... טפו... (אב)

**לייזער:** א שעהנעם ברוך הבא! נארווארט איך וועל מיך מיט דיר אברעכענען.

(אויפטריט בינים (לאכענד) מיט אראק (פוצענד).

**לייזער:** וואס לאכסטו בינים?

**בינים:** איך לאך ווייל איך האב הנאה, איך בין געשטאנען און האב מיך אונטערגעהערט און האב אלעדינג געהערט, חה חה חה!

**לייזער:** (כעז) אה דוא דומקאפף (אב.)

(מלכה פון אונטער די קאליסען).

**מלכה:** בינים! בינים! (אויפטריט) בינים! האב איך דיר דען נישט געזאגט אז מיין זוהן דארף באלד אוועקפאהרען? און דוא שטעהסט און שפיעלסט דיך?

**בינים:** גיין כ"ב"ט"ע, איך שטעה און פוץ אוים די זאכען און פאק זייא איין.

**מלכה:** זייט א שעה האלסטו אין איין פאקען און עס איז נישט דא אויף וואס צו קוקען, נוא, ריהר דיך לייטמידיגער גולם! געה!

**בינים:** יא כ"ב"ט"ע איך געה! (אב)

**מלכה:** שוואגער! שוואגער!

(אויפטריט אליקים).

**מלכה:** זייט שוואגער! אדא קענען מיר ווייטער אונגעשטערט רעדען.

**אליקים:** וויא ושע איז ער?

**מלכה:** מיין יאסעלע מיינסטו? ער איז געגאנגען צו איינינע בעקאנטע זיך געזעגענען.

**אליקים:** וואוהין פאהרט ער דען?

**מלכה:** אין פערשיעדענע שטעדט.

**אליקים:** וועגען געשעפטען?

**מלכה:** געוויס!

**אליקים:** אט זעהסטו דאס געפעלט מיר! דוא האסט איהם ביז נישט לאנג געלאזט לערנען יודיש און להבדיל דייטש, בע! ס'מאכט נישט

אוים אז מען קען, אבער נא דיר אקרייצער פאר אלע קענטניסע אז מען קען נישט קיין געלד פערדינען. געלד, ליעבע שוועגערין, דאס איז דיא גרעסטע קענטנים פון אלע קענטניסען. אזוי אזוי שוועגערין ער פאהרט געשעפטליך? דאס איז גוט, שוועגערין! דוא האסט א געראטהענעם זוהן!

**מלכה:** אזא יאהר אויף דיין מאמען.

**אליקים:** דערפאר אבער בעקומט ער א כלה אזא יאהר אויפ׳ן טאטען! וויפיעל יונגע לייט מיינסטו זענען שוין נישט געוועןקיין בעלנים אויף מיין טאכטער? נאר אזו וויא מן השמים, איז מיר פלוצים דער געדאנק איינגעפאלען, פאר וואס זאלען מיר זיך נישט ביידע משדך זיין? איך האב עס דיר געשריעבען, און דוא האסט געבעטען איך זאל אליין קומען אהער, כדי מיר זאלען זיך ביידע אויסרעדען. און ווי דוא זעהסט איז עס טאקע אזוי ווי מן השמים, דען איך בין ערשט עטליכע טעג דא, און מיר זענען שוין מיט איטליכען פיצעלע פערטיג, אלעס וואס עס פעהלט נאך איז נאר אז דיא קינדער זאלען זיך זעהן, בע! דאס איז נעבענזאך, דער עיקר איז דער נדן פון ביידע צדדים, און אז מיר האבען זיך אויסגעגלייכט, קאושע זיין אין א גוטער שעה און א מזל׳דיגער שעה! וואס זאגסטו שוועגערין?

**מלכה:** מיר דאכט זיך אז קיין גלייכערער שידוך קען גאר נישט זיין?

**אליקים:** אזא איך בין א גוטער שדכן? ח ח ח ח! איך אליין דער מחותן און איך אליין דער שדכן. נוא! און דוא מיינסט אז איך וועל דיר שענקען מיין חלק שדכנות געלד? אבער גאר לא! דוא וועסט מיר וועהר שעהן מוזען בעצאהלען, געשעפט איז געשעפט! (יאסעלע רעדט אונטער קוליסס) אהא! דאס איז ער אליין אונזער חתן זאל לעבען.

(אויפטריט יאסעלע).

**יאסעלע:** נוא מיין ליעבע מוטער יעצט בין איך רייזעפערטיג.

**אליקים:** דוא האסט נאך 2 שעה צייט יאסעלע.

**מלכה:** יאסעניו! פארברענג נאך דיא 2 שעה מיט מיר און מיט דעם פעטער, ווייל מיר האבען דיר א וויכטיגע זאך מיטצוטהיילען.



**יאסעלע:** זעהר גוט ליעבע מוטער, איך האב אויך עפים געוואלט מיט דיר רעדען פאר מיין אבריינען.

**אליקים:** דער גנב. (לאכט צו מלכה) יוסעלע! גיב מיר דיין הענטעלע! (געשיהם) שוין! פארשפארסט שוין צו רעדען, מיר זענען שוין פערטיג!

**יאסעלע:** פערטיג? מיט וואס?

**אליקים:** זעה נור שוועגערין וויא ער מאכט זיך כי לא ידע, מיר זענען פערטיג מיט בכל מכל כל — נוא וואס שטעהסטו? וואו איז דער קוש? ח ח ח . . . זעה נור ווי ער איז געבליבען שטעהן פארשעמט. טאקע נור ווי א חתן.

**יאסעלע:** וואהרהאפטיג אנקעל! איך וויים נישט וואס דוא מיינסט. מיר טהוט נור לייד אוף דער צייט וואס איך פערליערע. ליעבע מוטער! דער אנקעל וועט מיר ענטשולדיגען איך וואלט מיט דיר אליין געוואלט רעדען אונטער 4 אויגען.

**אליקים:** זעהסטו! איצט וויים איך שוין נישט וואס דוא מיינסט... וואושע שוועגערין? ווי איך פערשטעה, האסטו נאך גאר מיט דיין זוהן נישט גערעדט דערפון?

**מלכה:** געווים. יאסעלע! איך האב דיר נעכטען ביי נאכט געזאגט, וועגען וואס דער אנקעל איז צו אונז אהער געקומען?

**יאסעלע:** ליעבע מוטער! אלסדינג וואס דוא האסט מיר נעכטען ביי נאכט ערקלעהרט, איז מיר דורך איין אויער אריין און דורך דעם אנדערען אויער ארוים.

**אליקים:** וואס?

**יאסעלע:** אבער אום גאטעם ווילען! איך פערליערע דיא צייט מיט פוסטע רייד.

**אליקים:** פוסטע רייד?

**יאסעלע:** מיינעט וועגען! לאז דער אנקעל אויך הערען, וואס איך וויל דער מוטער זאגען. מוטער! צום ערשטען מאהל מאך איך יעצט אזא לענגערע רייזע, צום ערשטען מאהל מוז איך זיא אויף אלענגערע צייט פערלאזען.

**מלכה:** זיא?

**אליקים:** וועמען מיינט ער?

**מלכה:** איך ווייס עס אויך נישט.

**יאסעלע:** פאן דעם געסטעריגען געשפרעך געדענק איך נאר זא פיעל, אז דו האסט עפּיס גערעדט פון א מין שידוך.

**אליקים:** א מין שידוך?

**יאסעלע:** פון יחוס, געלד און נאך אזוינע נארישקייטען.

**אליקים:** נארישקייטען?

**יאסעלע:** און דעריבער מוטער, האב איך מיך ענטשלאסען דיר דיא גאנצע וואהרהייט צו ענטדעקען און דיך בעטען, דוא זאלסט מיר פאר מיין אבריינע דיין ברכה געבען. יא מוטער! דיין ברכה וויל איך, פאר מיר און פאר מיין צוקינפטיגע, וועלכע איך ווילבסט האב מיר אויסגעוועהלט, דען איך וויל זיא צוריקלאזען אלס מיינע ערקלעהרטע ברויט.

**אליקים:** וואס פלאפּעלט ער?

**מלכה:** איך ווייס אויך נישט.

**יאסעלע:** עס איז וואהר מוטער, דאס מיינע אויסערוועהלטע האט קיין געלד און קיין יחוס, אבער זיא אליין איז טייערער פון אלעמען אין דער וועלט, איהר יחוס איז איהר עדלע וועלע און איהר טוגענד.

**אליקים:** (ווייל אב) אויב אזוי וואסזשע טהו איך נאך דא?...—

**מלכה:** ווארט נאר! לאמער נור הערען, וואס טהוט זיך דא אזוינס? זאג מיר נור מיין זוהן פון וועמען רעדסטו?

**יאסעלע:** מוטער! דיא, פון וועמען איך רעד, איזט אויך דיר ניכט פרעמד, דוא האסט דאך זיא אויפגעצויגען גלייך וויא זיא וואלט דיין טאכטער געוועזען.

**מלכה:** וועה מיר! מיינסט, דיא, וועלכע איך האב פאר מצוה אין מיין הויז אריין גענומען? זיא! דיא טאכטער פון מיין הויזמשרתת, פאר א שניר?

**אליקים:** אה! דיא מיינט ער, פון וועלכער דוא האסט מיר דערצעהלט? נוא! און מיט אזוי איינער ווילסטו אונז אונזער משפחה פארפלעקען?



**מלכה:** איך וועל מיך דאך שעהמען, מיין פנים אויף דער גאס ארויסצוווייזען. יאסעלע! זאג מיר, וואס פעהלט דיר? נישט אנדערש נור דוא ביסט עפּיס קראנק.

**אליקים:** נוא! וואס שטעהסטו, וואס שיקסטו נישט נאך אדאקטער?

**מלכה:** קוקסט אונז ביידע אן, גלייך מיר וואלטען געוועזען משוגע און דוא קלאהר?

**יאסעלע:** הער אוים ליעבע מוטער! אבער גאנץ געלאסען, דוא ווייסט דאך, וואס פאר א גוט קינד איך בין תמיד געוועזען? וויא געהארזאם, וויא פאלגזאם?

**מלכה:** אמת!

**יאסעלע:** און וויא א גוט קינד, בין איך יעצט צו דיר געקומען, אום דיר מיין הערץ צו עפענען. נון וויססע ליעבע מוטער! דאס אין דיעזעם פאל האנדעלט עס זיך אום דאס גליק אדער אומגליק פון מיין לעבען.

**אליקים:** פאלג מיך שוועגערין, שיק נאך אדאקטער!

**יאסעלע:** מיינען גוטען עדלען פאטער, האב איך ליידער צו פריה פערלוירען, יעצט האב איך נור דיך אליין — דיך מוטער! וועלכע איך ליעב מיט מיין גאנצער זעלע, און דארום בעט איך דיך שטעה ניט מיין גליק אין וועג, מוטער! זאגע אמן צו מיין וואהל און גיב אונז דיין זעגען!

**אליקים:** געגעבען וואלט איך איהר פעטש!

**יאסעלע:** מוטער! וויפיל מאל פלעגסטו אליין זאגען, אז איינע רעכטשאפענע פרויא, איז דיא טהייערסטע מתנה אויף דער וועלט פאר א מאן? זא איינע פרויא! האב איך געפונען אין מיין הענעלען, זיא איז דיא אמת'ע אשת חיל, וואס שלמה המלך האט אזוי שעהן באזונגען!

**אליקים:** א מכשפה איז זיא! זיא האט דיך פערכישופט.

**יאסעלע:** אנקעל! דארף איך בעטען, זיך נישט אריין צו מישען אין אזאלכע זאכען, וואס געהען אייך נישט אן?

**אליקים:** געהען מיך נישט אן? בין איך א פרעמדער? בין איך נישט דיין פאטערס ברודער א כאהאנע? קען איך שטעהן פון דער ווייטענס

און שוויינגען, ווען אזא משוגענער ווי דוא, וויל אונז פערשווארצען אונזער פנים מיט א דינסטמויד ?

**מלכה:** און גיכער וועל איך גלייבען, אז דיא ערד געהט אונטער, איידער ס'זאל אין אונזער משפחה אזא שרעקליך אונגליק געשעהן.

**אליקים:** און דוא! קענסט נאך האבען אין דיר דיא חוצפה, צו פערלאנגען פון דער מאמען, אז זיא זאל דיר איהר זעגען געבען, צו אזא מין אשת חילע? פע! שעהם דיך! פע!

**יאסעלע:** (רעד אין קאלים אריין) בינים! פאק אוים, איך פאהר נישט.

**אליקים:** מלכה, וואס זאגט ער ?

**יאסעלע:** יעצט קען איך זיא נישט מעהר אליין צוריקלאזען, זיא מוז פריהער מיינע פרויא ווערען, און נאכהער וויל איך מיט איהר א האכצייטסרייזע מאכען.

**מלכה:** וואסזשע? דוא מיינסט עס טאקע ערנסט ?

**יאסעלע:** יא וואהר דאס אנדענקען מיינעס פאטערס מיר היילינ אונד טהייער איזט, יא וואהר ווירד מיינע פרויא קיינע אנדערע זיין, וויא נור מיין אויסערוועהלטע העלענע! (אב)

**אליקים:** און איך נאר! איך עזעל! האב שוין אהיים געשריבען א מזל טוב, און האב שוין געהייסען דארט ברעכען טעלער און מאכען אלעקעך און בראנפען — געוואלד! איך וועל מיר נאר א מעשה אנטהון. הערט! איך בעט אייך, ער געהט דא חתונה האבען מיט דער דיענסט און איך מאך דארט לעקעך און בראנפען.

**מלכה:** חתונה האבען זאגסטו? ביז צו דער חתונה איז נאך ווייט.

**אליקים:** וואס ווילסטו דען טהון ?

**מלכה:** דוא וועסט באלד זעהען (אפארט) יאסעלע! יאסעלע!

(אויפטריטט יאסעלע)

**יאסעלע:** וואס נאך ווילסטו מוטער? דוא קענסט מיך, אז איך האב נאך ניט קיין ווארט געבראכען, אזוי וויא איך האב געזאגט, אזוי מוז זיין.

**מלכה:** מילא, בקיצור! איך זעה דאך אז דוא מיינסט עס גאנץ ערנסט.



וואס זאל איך טהון? ביסט מיין בן יחיד און איך מוז דיר נאכגעבען.

**אליקים:** הא ?

**יאסעלע:** מוטער! ... איך דאנקע דיר!

**מלכה:** ווארט מיין קינד, דאנק מיר נאך נישט, ביז דוא האסט מיך אין גאנצען אויסגעהערט — יא! איך גיב דיר נאך, נור מיט איין בעדינג.

**יאסעלע:** איך אונטערווערפע מיך יעדע בעדינגונג.

**מלכה:** זאג מיר מיין קינד, ווי לאנג דענקסטו צו בלייבען אויף דער רייזע ?

**יאסעלע:** 4 וואכען מינדעסטענס.

**מלכה:** אויסער דיא 4 וואכען, וויל איך, אז דוא זאלסט נאך א שטיקעל צייט, צוברענגען ביים פעטער אין הויז.

**אליקים:** אט ועהסטו! דאס געפעלט מיר! — יאסעלע! דוא האסט דאך מיין טאכטער שוין א שטיק צייט נישט געזעהען.

**יאסעלע:** (אפארט) איך בין נישט נייגיריג.

**אליקים:** אדרבא! קום און קיק זיא אן אצינד! וועסטו זעהן א סחורה, דיין הערצקלעמעניש. וויא הייסט זיא? איך האב זיא געזעהן, — טפא! אויך מיר א נפש? איין האנד פון מיין טאכטער איז גרעסער פון איהר אין גאנצען.

**יאסעלע:** זיא וואלט גוט געווען פאר א מענאזשעריע.

**מלכה:** קורץ! איך וויל זאלסט ווענינסטענס 8 ביז 10 וואכען אויספעהלען פון דער היים, און פאלס דוא וועסט ביז צו דיין צוריקקומען אן דיין איינגעבילדעטע נאך אלץ נישט פערגעסען, מוז איך דאמאלס זאגען: מן השמים איז עס א זיווג.

**יאסעלע:** נאך ניע מוטער, האב איך דיך אזוי איניג געליעבט וויא אין דיעזעם אויגענבליק! יא מוטער! אום דיינעט וועגען צו בעקומען טהו איך אלעס וואס דוא פערלאנגסט פון מיר, אבער דאס בעמערקע איך דיר, אז עס איז דער מענש נאך נישט געבוירען, וואס זאל מיך אין מיין ענטשלוס וואנקענד מאכען, דוא קענסט זיא שוין פון יעצט אן רופען דיין טאכטער, און גלייב מיר מוטער, זיא וועט אונזער הויז מעהר עהרע מאכען אלס...

**מלכה:** נוא מיין קינד! מיר וועלען שוין וועהן! געך מיין קינד! זאלסט ניט פערזוימען דעם צוג און פאהר געזונדערהייט.

**יאסעלע:** אדיע מוטער! (האנדקוס) אדיע אנקעל! (האנדקוס) אויפים באלדיגע וויעדערזעהן! (אב)

**אליקים:** מיין פערשטאנד בלייבט מיר שטעהן, האסט טאקע ערנסט געמיינט, וואס דוא האסט דיין פערדריקטען זוהן צוגעזאגט?

**מלכה:** נור געדולד ליעבער שוואגער (רופט) לייזערקע!

(לייזערקע) (בינים שלעפט זיך איהם נאך).

**לייזער:** (צו בינים) וואס ווילסטו? וואס קריכסטו מיר איםעדים נאך?

**מלכה:** (צו בינים) וואס ווילסטו? נישט דיך האב איך גערופען, געה!

**בינים:** (אפארט) עפים איז דא, וואס וויים איך נישט (אב).

**לייזער:** וואס האט איהר מיך גערופען מאדאם?

**מלכה:** לייזערקע, איז מיין זוהן שוין אוועקגעפאהרען צו דער באהן?

**לייזער:** ניין, נאך נישט! ווייא קענען זיך דען אבבייסען איינס פונים אנדערן? זייא האלטען זיך, אין איין קושען און וויינען, אז זייא וועלען שיער צערשמאלצען.

**אליקים:** דוא הערסט, זייא קושען זיך גאר.

**מלכה:** פערגין עס איהר, עס איז צום לעצטען מאל.

**לייזער:** וואס הער איך?

**מלכה:** לייזערקי! אויב איך האב קיין טעות, ביסטו אין העגעלען פערליעבט?

**לייזער:** וואס הייסט פערליעבט? איך ווער פערברענט, איך ווער פערשרפ'עט.

**מלכה:** דאס שאט נישט לייזערקי! דו קענסט דיר שוין גליק ווינשען, העגעלע וועט דיין ברויט ווערען.

**לייזער:** וואס רעדט איהר מאדאם באהאנע? לאמיך אייך איער האנד קושען.

**מלכה:** שא! מאך נישט קיין לארעם. לאז פריהער מיין זוהן געזונדערהייט



אוועקפאהרען, און אונז בלייבט גענוג צייט צו טהון וואס מיר דארפען.

**לייזער:** יא! וואסזשע וועט אבער זיין אז זיא וועט נישט וועלען?

**מלכה:** דאס וועל איך זעהן, דאס איז שוין מיין זאך.

**אליקים:** פאר אלע ניטען, אט הער אוים מיין עצה לייזערקי! געה און פערשאף דיר א קדושין רינג. און ווען זיא וועט זיך נישט רעכטען, זייא זיא פלוצים מקדש פאר א פאר עדות. פערשטעהסטו שוועגערין? ווען לייזערקי זאל זיא אפילו דארפען גט'ן, קען זיא שוין מיט דיין זוהן נישט חתונה האבען, וואדין ער איז דאך א כהן.

**לייזער:** וואס רעד איהר פון גט'ן? איך וואלט מיר מיין קאפף ליעבער אבגעשניטען איידער זיא דארפען גט'ן.

**מלכה:** ניין! דאס געפעלט מיר נישט. איך וויל זיא חתונה מאכען ווייא גאט האט געבאטען, אז ווען מיין פערפיהרטער זוהן וועט אהיים קומען, זאל ער זיא טרעפען אלס פערהייראטע פרויא. נור דאמאלס בין איך מיט איהם זיכער.

(אויפטרים חזן).

**חזן:** א גוט העלף, א גוט העלף אייך אלע.

**מלכה:** דער חזן? וואס איז עפים נייעס?

**חזן:** וואס פאר א נייעס? איהר האט נאך מיר געשיקט בין איך געקומען!

**מלכה:** איך האב נאך אייך געשיקט?

**אליקים:** איך, שוועגערין! בין געוועזען דער שיקער. איך האב געמיינט מיר וועגען שוין פערטיג מיט בכל מכל כל, האב איך שוין געשיקט נאכ'ן חזן, כדי מיר זאלען פאר דיין זוהנס אוועקפאהרען, שרייבען ראשי פרקים. נאר ווייסטו וואס שוועגערין? אז דער חזן איז שוין יא דא, לאז ער זיין, אפשר וועלען מיר איהם דארפען?

**לייזער:** איך זאג דאך אויך אזוי! וואס דארף מען עפים מאכען א חתונה מיט כלי זמר, מיט לעקעכער און מיט בראנפען און מיט סארווירענס? מען טהוט איהר אן דאס רינגעל און דאמיניע.

(אויפטרים בינים וויינענד).

**מלכה:** וואס וויינסטו?

**בינים:** (חליפעס) איך וויין ווייל ס׳טהוט מיר באנג דער כ״ב איז שוין אוועק געפאהרען.

**מלכה:** לאז ער פאהרען בשלום, און קומען בשלום. קענסט געהן! געה און שיק מיר אריין העניעלען.

**בינים:** העניעלע האט נישט קיין צייט.

**מלכה:** ויא האט נישט קיין צייט? וואס טהוט זיא דען?

**בינים:** זיא וויינט.

**מלכה:** נוא געה! און טהו וואס איך הייס דיר.

**לייזער:** נוא וואס שטעהסטו?

**בינים:** איך שטעה ווייל איך האב 2 פיס.

**מלכה:** נוא געה שוין, נוא!

**בינים:** אוי איז דאס א רויטער קאפהאן! (אב)

**מלכה:** חזן! אפשר איז עס מעגליך, איהר זאלט דא באלד געבען חופה וקדושין.

**חזן:** עה, טאקע גוט! וועמען מאכט איהר דאס חתונה?

**מלכה:** א יתומה!

**לייזער:** מיט א יתום!

**חזן:** עה, איהר ר׳ לייזערקע? נוא לאז גאט געבען עס זאל זיין אין א שעה מוצלחת! נוא, וויזשי איז דיא כלה?

**לייזער:** (קאלים) אט קומט זיא.

העניעלע (וויינענד), בינים (לוישם).

**מלכה:** קום אהער צו מיר העניעלע! דוא וויינסט?

**העניעלע:** פערציייהעט . . . אבער . . .

**מלכה:** נוא, נוא, דוא דארפסט דיך נישט פערענפערן. לאמיר בעסער רעדען פון פרעהליכע זאכען. הער מיך אוים מיין קינד! איך האב דיא נאכט געהאט אגוטען חלום און האב מיר דאריבער פארגענומען, א גרויסע מצוה מקיים צו זיין. העניעלע! דוא ווייסט וואס איך האב



אין דיר געטהון, ווייל דוא האסט נאך אלס קינד דיינע עלטערן פערלוירען?

**העניעלע:** אה, הערצענס גוטע הערריו! עדלע וואלטהעטעריו!

**מלכה:** ווארט! לאז מיך פריהער ענדיגען. העניעלע! איך וויל אצינד מקיים זיין דיא מצוה פון הכנסת כלה.

**חזן:** יא! דאס איז איינע פון דיא גרעסטע מצות.

**מלכה:** יא מיין קינד! איך וויל דיך חתונה מאכען.

**העניעלע:** וועה מיר . . .

**מלכה:** וואסזשע האסטו דיך אזוי דערשראקען? איך מיין, עס איז שוין צייט?

**חזן:** איך מיין, אז על פי דין איז שוין לאנג צייט געוועו.

**העניעלע:** מאדאם כאהאנע! איהר מאכט אייך געווים נור א שפאם מיט מיר?

**מלכה:** א שפאם מאך איך מיר נור, מיט מיינם גלייכען.

**העניעלע:** ווי זאל איך דאס פערשטעהן?

**מלכה:** חתונה האבען זאלסטו! א חתן האב איך פון דיינעט וועגען, ער האט דיך ליעב און וועט דיך גליקליך מאכען.

**העניעלע:** העלף מיר גאט!

**חזן:** איהר וועט מיר מוחל זיין, מאדאם כאהאנע! איך מיין או אויב איהר ווילט באמת מקיים זיין דיא מצוה פון הכנסת כלה, בעדארפט איהר פריהער וועהן, צו ביידע צדדים זענען מרוצה. אט! וועט איהר באלד זעהן, זאגט נור לייזערקי! איהר ווילט העניעלען פאר א כלה?

**לייזער:** איך וויל . . .

**חזן:** גוט! נוא און דוא העניעלע, ווילסט לייזערקין פאר א חתן?

**העניעלע:** בעסער דעם מלאך המות!

**חזן:** האט איהר געהערט?

**מלכה:** ווער פרעגט זיא דען אדעה? א מוטערשטעלע האב איך ביי איהר פערטרעטען זייט זיא לעבט, און ווי א מוטער האב איך דאס רעכט איבער איהר.

**הענעלע:** אָה! רעטעט מיך! גוטער מלאך פון גאָט! ערבאַרעמט אייך איבער איין עלענדע יתומה!

**חזן:** זאָגט מיר נור איך בעט אייך! וואָלט איהר נעגען איהר אויך אַזוי געהאַנדעלט, ווען איהר זאָלט זיין איהר אמת'ע מאַמע?

**לייזער:** (געהט צו) אָה מיין טייערע! קום צו מיר, איך וועל דיך גליקליך מאַכען.

**הענעלע:** אַוועק פון מיר! עקעלהאַפטע שפין.

**לייזער:** וועהט איהר מאַדאַם כאַהאַנע, זיא וויל נישט?

**מלכה:** הער נאָך אַצינד מיין לעצט וואָרט! אָדער דוא זאָלסט חתונה האָבען מיט דעם וואָס איך וויל, איך וועל דיך שעהן בעקליידען און דיר געבען נדן און אַלעס וואָס דיין האַרץ גלוסט; אָדער דו זאָלסט דיך שוין נישט געפינען בייא מיר אין הויז. אַראָבגעריסען וועל איך פון דיר אַלעס וואָס דו טראָגסט, נאַקיט און באָרוויס וועל איך דיך אויף דער גאַס אַרויסוואַרפען, אַ בעטלערקע זיי! וויא איך האָב דיך געפונען. דוא אונפערשעמטע דוא! צו מיין בן יחיד האָסטו דיינע אויגען פעריסען? דו מיין שוויגער טאָכטער? צוריק מיט דיר! אַהין וויא דוא געהערסט! ערשט דאַמאָלס וועל איך קענען רוהיג שלאָפען. איבערלעג עס דיר, וועלכעס עס איז פאַר דיר גלייכער. קוממט מיט מיר. (אב מיט אליקים און חזן)

**הענעלע:** וויל מיר ניעמאַנד בייאשטעהן? ערבאַרם דיך גאָט איבער מיר!

(בינים מיט אַ שאל — לעגט אָם טיש דיא שאַל)

**בינים:** איך! איך! טהייערע הענעלע! איך וועל אייך העלפען! געהטס וואו אַהין איך וועל אייך הייסען.

**הענעלע:** וואוהין? צו וועמען? איך בין דאָך עלענד וויא אַ שטיין?

**בינים:** ניין! איהר האָט מיך נישט פערשטאַנען! נאָט אייך אַ שאַל און לויפט אַראָב צו דער באַהן, אפשר וועט איהר נאָך יאַסעלען טרעפען, און איך וועל דאָ בלייבען, איך זאָל מיך אונטערהערען, וואָס זיי ווילען ווייטער טהון.



**הענעלע:** פערלאָז מיך נישט אבי יתומים! (אב)

**בינים:** איצטער וועל איך מיך בעהאַלטען אונטערן טיש איך זאָל מיך אונטערהערען... אַהאַ! איך הער זיא געהען! (קריכט אונטערן טיש)

(אויפטריט לייזערקי, אליקים).

**אליקים:** הערזשע לייזערקע! וויא איך זעה, וועט דאָ, אויף דעם גלייכע וועג גאָר נישט ווערען. דו פאָלג מיין עצה פון פריהער, נעם אַ קדושין רינג און זיי זיא מקדש מיט געוואַלד, און איך און דער חזן וועלען זיין 2 עדות.

**לייזער:** וואו איז זיא אַהין געקומען?

**אליקים:** זיא איז בייא זיך אין צימער!

**לייזער:** אַזוי? נוא האַלטשעט איהר דאָ אויף דעם חזן, און איך וועל געהן פערזאָרגען אַ קידושין־רינג און עס וועט זיין רעכט! (אב)

**אליקים:** (רופט פון די קאַליסען) חזן! קומט זייט מוחל אויף איין אויגענבליק אַריין אַהער!

(אויפטריט חזן).

**חזן:** איהר מעגט אויף מיר ברוגז זיין, אָבער איך קאָן פונים אמת נישט אַוועקגעהען! מיר טהוט וועה דאָס האַרץ וועגען דער אָרעמער יתומה. איהר ווייסט דאָך יאָ וואָס די הייליגע תורה זאָגט: „נקרא לנערה ונשאלה את פיה"... גלאַט ווייל זי איז איין אָרימע יתומה, ווילט איהר זיא מיט געוואַלט פערשלייערען? איין עולה חלעבען, ווי איך בין אַ יוד אַ גרויסע עולה! האָט מיר אַ גוטען טאָג! (וויל אב)

**אליקים:** וואַרטס נאָך אַ מינוט, חזן! זאָגט מיר! דער תבנית שבת וואָס איך האָב דעם שבת פון אייך געהערט, איז אייערע אייגענע קאָמפּאָזיציע?

(בינים גנב'עט זיך אַפיר פון אונטערן טיש אין הענעלעס צימער אַריין, אב).

**חזן:** העע, העע, העע! צו דאָס איז מיין אייגענס? אַ שאלה? איך זינג נור מיין אייגענס! וואָס דען איך וועל זינגען פרעמדע זאַכען? אַדרבא אויב איהר זענט אַ מבין אויף מוזיק, קומט היינטיגען שבת אין שוהל אַריין, ס'איז שבת מברכים — וועט איהר עפּיס הערען אַ ראש חודש בענטשין.

איך זָאג אײַך אִיהְר וֶועט נַאפְּפֶען. — אָט וֶועל אִיךְ אײַךְ זִינְגֶען אַ שְׁטִיקֶעל (זינגט) מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים . . .

(לײזער מיט אַ רינג, צײגט אליקים'ן בסוד און נעהמט אַב אין הענעלעס צימער).

**אליקים:** חַזָן, שְׁוַוײַגְט אַ מִינוּט! קוּמְט אַהֶער צִי צוּ דֶער טִיהְר, וֶועט אִיהְר עֶפִּים הֶערֶען. (געשיעהט)

**לײזער:** (זאַקולים) הֲרֵי אַתְּ . . . א. ז. וו.

**אליקים:** זֶה הָאוֹת.

**חזן:** הַא, וָואס אִיז דָאס. לײזערקי?

**לײזער:** שוין! אִיךְ הָאבּ זִיא שוין מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען כְּדַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל און פַאר אִיהְם אִיז זִיא אוֹיף עֶווִיג פֶערְלוֹירֶען!

**חזן:** אָט זִיא. דִיא יְתוֹמָה?

**אליקים:** יָא! און אִיךְ און אִיהְר זֶענִין עֵדוּת גֶעוֶועזֶען. (רופט שווענריו) מַלְכָּה! מַזָל טוֹב! אוּנְזֶער לײזערקי און הֶענֶעלֶע זֶענֶען אַצִינְד מַאן און ווײַבּ אַזוֹי וויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, און פַאר דֵיין זוּהְן איז זִיא אוֹיף עֶווִיג פֶערְלוֹירֶען.

**מלכה:** גַאנְץ גוּט! גַאנְץ גוּט! מַזָל טוֹב!

(אויפטריט יאָסעלע).

**אללע:** וָואס אִיז דָאס?

**מלכה:** וָואסְזֶשֶׁע? דוּא בִּיסְט נָאךְ נִישְׁט גֶעפָאהְרֶען?

**יאסעלע:** צוּעֶרְשְׁט גִיבּ דוּא מִיר אַנְטְוָוארְט! אַזוֹי הָאסְטוּ דֵיין פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען גֶעהַאלְטֶען וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען? אַנְטְוָוארְטֶע מִיר! וָואס הָאסְטוּ גֶעוָואלְט טְהוּן?

**מלכה:** מַיינֶע פְּפְלִיכְט אַלְס מוּטֶער!

**יאסעלע:** זָאג לִיעבֶּער דִיא פְּפְלִיכְט פָאם הֶענְקֶער! דֶען דוּא וַוארְסְט בֶּערֵייט 2 אוּנְשׁוּלְדִיגֶע לֶעבֶּען צוּ פֶערְנִיכְטֶען! אָבֶּער מִיט דֶעם שְׁרִיט, מוּטֶער! הָאט זִיךְ דַיינֶע הֶערְשַׁאפְט אִין דֶעם הוֹיז גֶעעֶנְדִיגְט! (רופט) קוּמְט אַלֶע אַהֶער! אַלֶע אַלֶע אַנְגֶעהֶערִיגֶע און דִיעֶנֶער פוּן דֶעם הוֹיז! (אַלע דיענער ערשיינען) דִיעֶנֶער הֶערְט אוֹיס! פוּן דֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיק



און וַוייטֶער אִיבֶּערְנֶעהְמֶע אִיךְ אַלְס יוֹרֵשׁ און נַאכְפָאלְגֶער מַיינֶעס פַאטֶערְס, אַלֶעס אִין מַיינֶער הַאנְד אַלֵיין! נִיעמַאנְד הָאט אִין דֶעם הוֹיז צוּ בֶּעפֶעהְלֶען אוֹיסֶער אִיךְ אוּנְד דִיעזֶע דַאמֶע, וֶועלְכֶע אִיהְר וֶועהְט צוּ מַיינֶער רֶעכְטֶען הַאנְד: זִיא אִיזְט פָאן נוּן אַן אוּנְד וַוייטֶער אַייעֶרֶע הֶערְרִין אַייעֶרֶע גֶעבִּיטֶערִין אוּנְד מַיינֶע פְרוֹיא.

**לײזער:** אַהַא! דֵיין פְרוֹיא קֶען זִיא נִישְׁט זֵיין, וַוייל אִיךְ הָאבּ זִיא מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען און זִיא זָאל אֲפִילוּ וֶוערֶען אַ גְרוּשָׁה, בִּיסְט דוּא דָאךְ אַ כֹּהֵן.

**הענעלע:** אִיזְט עֶר פָאן זִינֶען? וֶוער הָאט מִיךְ מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען?

**לײזער:** אִיךְ! אִיךְ! אַדָא עֶרְשְׁט פַאר אַ פָּאר מִינוּט, בַּייא דִיר אִין שְׁטוּבּ, כְּדַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל.

**אליקים:** אִיךְ און דֶער חַזָן זֶענֶען עֵדוּת.

**הענעלע:** וָואס פְּלוֹידֶערְט עֶר פִיר אַיין אוּנְזִין?

**יאסעלע:** מִיט מִיר צוּזַאמֶען קוּמְט זִיא עֶבֶּען יֶעצְט פוּן דֶער בַּאהְן, ווִי אַזוֹי הָאט זִי צוּר וֶועלְכֶען צַייט גֶעקֶענְט זֵיין אִין אִיהְר צִימֶער? (לאַנגע פויזע)

**לײזער:** מִיט דִיר צוּזַאמֶען קוּמְט זִיא פוּן דֶער בַּאהְן? נוּא וֶועמֶען זְשֶׁע דֶען הָאבּ אִיךְ מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען?

(בינים פון הענעלעס צימער אַלס דאַמע פערקליידעט)

**בינים:** מִיךְ! מִיךְ! . . . (אַלעס שטוינט)

(פּאָזיציאָן).

פארהאנג פאלט.

## ענדע דעם ערשטען אקטעס.

---



## צווייטער אקט.

(צימער ביים יאסעלען). (וויעגעל אדער קינדער וועגעלע).

(זיסעל וויעגט א קינד און זינגט)

איילו לעמעלע — שלאפען וועט געהן אברהמעלע
איילו פיפיקעל — שלאף שוין טשיפיקעל
קום שוין שלאפען קום (3. מאהל)
וועסט שוין פאפען קום (3. מאהל).
דוא וועסט ליעגען איך וועל דיך וויעגען
קום אברהמעלע קום אוי
איילו לעמעלע — שלאפען וועט געהן אברהמעלע
איילו פיפיקעל — שלאף שוין טשיפיקעל
לאז זיין שא נא נא נא
וועסט היינט שלאפען לעמאלע
שלאפושע ויא א מלאכייל
ויא א ציגעלע אין שטאלאכיל
דיינע איינעליך דיא קליינעקע
שנעל מאך צו און שלאף
נו שוין ניכער פוף פוף פוף איילו . . .

(אויפטריט בינים)

**בינים :** (קוממ שרייענד) אוי איז דאס א געווינדעל ! ס'איז נישט אויסצוהאלטען פון זיי.

**זיסעל :** שא בינים ! מאך נישט אזא רעש, וועסט אויפוועקען דאס קינד.

**בינים :** דאס קינד ? ווען נישט איך, וואלט דאך דאס קינד אפילו אויף דער וועלט נישט געוועז. — דאס איז א ביסעל א געווינדעל.



**זיסעל :** אבער בינים ! לויט איך האב געהערט, ביסטו אויך א מאל געוועזען איינער פון דעם געזינדעל.

**בינים :** פריהער בין איך געוועזען פון הינטען, האט מען מיך געשמיסען, איצט בין איך פון אויבען, שמייס איך.

**זיסעל :** הא, הא, הא ! . . . אזוי בינים ? דוא ביסט פון אויבען ?

**בינים :** יא ! יעצט בין איך א ב"ב מיט שליסעל. אוי וואס דאס האט זיך עס פאר 2 יאהרין איבערגעטהון, נוא, נוא . . .

**זיסעל :** האסט עס מיר שוין 100 מאל דערצעהלט.

**בינים :** פון וועמען ? פון לייזערקין האב איך דיר דערצעהלט ? ווייא ער האט מיך אין דער פינסטער מקדש געוועזען ? זיסאלע ! דוא ביסט צו מיר א בר מזל !

**זיסעל :** וואס איך הער ?

**בינים :** איך האב בדעה, מיך אראבצולאזען צו דיר און דיך אויפהייבען צו מיר.

**זיסעל :** איך גליקליכע !

**בינים :** זיסעלע איך האב דיך ליעב !

**זיסעל :** זאל איך עס גלויבען מיינע אויערען ?

**בינים :** זאג מיר זיסעלע, דוא האסט א מאמען ?

**זיסעל :** אך !

**בינים :** (פרעהליך) אזוי דוא האסט נישט קיין מאמען ?

**זיסעל :** וואסזשע איז אויף דיר דיא גדולה ? וואס איך האב קיין מאמען מעהר ?

**בינים :** אז דוא האסט נישט קיין מאמען, וועל איך דאך נישט האבען קיין שוויגער.

**זיסעל :** אזוי מורא האסטו פאר א שוויגער ?

**בינים :** פרעג מיך גאר נישט. אוי דיא שוויגער ! אוי די שוויגער ! זעה נור וואס דא טהוט זיך דורך דער שוויגער ? דאס אין נאציען, האט אויך אנגעארבייט די שוויגער, און צום סוף, איז דיא גאר בוט געווארען מיט זייא ?

**זיסעל:** נוא פאר וואס נישט? מוז מען דען זוויג זיין ברוגז? אין א צייט פון 2 יאהר איז איהר דער כעס איבערגעגאנגען. זיא איז דאך א מאמע. און אצינד א באבע. האסטו דען נישט געזעהן, וויא זיא איז שיער נישט צערשמאלצען געווארען פאר געוויין?

**בינים:** אז וויינען זאל זיא זיך נאכ'ן קאפף!

**זיסעל:** פאר וואס שעלטסטו זיא? -

**בינים:** זיסעלע! איך האב מורא פאר א וואלקען בראך. ער האט שוין אנגעריקט. אויף אונזער קלארען הימעל, האט אנגעריקט א וואלקען בראך.

**זיסעל:** ביסט א גולם!

**בינים:** נישט נור זיא איז דא. עס קומט אהן דיא גאנצע טראיקע — זיא — דער אלטער אליקים און לייזערקי האפ אז צערברעכען זאל ער דעם קאפף.

**זיסעל:** בינים! געה לעג דיר צו איין צום קאפף!

(אויפטריט יאסעלע און הענעלע אין שלאפרעק אנגעטהון).

**יאסעלע:** (צום וויעגעל) חה, חה... דאס האט וויעדער מיין ווילדער יונג געטהון. דוא הערסט וואס דיין גראסמוטער ערצעהלט פון דיר? עזות פנים! וויא איז דיין רעספעקט פאר דער באבען?

**הענעלע:** אבער אזוי טהוט ער יעדעם מאהל. קוים קומט נור דיא שוויגערמוטער אין זיינער נעהע, רייסט ער איהר אלעס פאם קאפף הערונטער. חה, חה, חה, חה...

**זיסעל:** זיין זיין! שרייט נישט אויף איהם! ער קען זיך איבערשרעקען. וואס איז ער געביך שולדיג? זיין באבע איז איהם פרעמד.

**בינים:** דוא הערסט! אפילו דער קלייגער, האט אויך פיינד דיא שוויגער.

**יאסעלע:** וואר ניכט מיינע מוטער היער? געהט קינדער פיהרט אריין דאס קינד מיט דעם וויעגעלע אין קינדערצימער. דאן זעהט וואו מיינע מוטער איז מיט דיא איבריגע געסט. און זאגט זייא. אז מיר ווילען באלד צו טיש געהן. (ער ווענדעט זיך צום קינד) גאנץ וויא מיין הענעלע! דיא



גריבאלעך אין דיא בעקעלעך זענען וויא דיינע! איבערהויפט דאס נעזעלע איז וויא אויסגעשניצט, מיינער! מיינער! — איך האב אזינדעלע! (פרעהליך)

**בינים:** (צו זיסעל) דוא פיהר אריין דאס קינד. און איך וועל געהן אין קעך אריין (ביידע מיט'ן קינד אב)

(אויפטריט מלכה)

**מלכה:** יאסעלע! איך האב געוואלט מיט דיר עפים רעדען.

**הענעלע:** איך וועל אריין געהן אין איין אנדער צימער. און דוא בלייב דא מיט דער מוטער (אב).

**יאסעלע:** זיטץ ליעבע מוטער! (נעשיעהט) וואס האסטו מיר געוואלט זאגען?

**מלכה:** אז, אך און וועה איז מיר! וואס איך האב עם נאר דערלעבט.

**יאסעלע:** וואס האסטו פלוצים אזוינס דערלעבט?

**מלכה:** הלוואי וואלט איך פריהער געווען מיינע ביידע פים צערבראכען, איידער איך בין צו דיר געקומען. וואלט איך וועניגסטענס פון מיין אומגליק נישט געוועזען געוויסט.

**יאסעלע:** וואס פאר איין אומגליק?

**מלכה:** וואס זאל איך טוהן? זאל איך רעדען? וועט מען זאגען: אהא! דיא שוויגער — זאל איך שווייגען, איז מיר דיא ווייטאג גרוים. געוואלד, דוא פערפיהרטער! דוא פערבלאנזעטער! האסט 2 אפענע אויגען, און זעהסט נישט וואס אונטער דיין ריקען טוהט זיך?

**יאסעלע:** לאז מיך שוין אמאל הערען אנטווארט!

**מלכה:** בלינדער, וואס דוא ביסט! דיין מאמע מוז דיר ערשט מיט געוואלד אויפרייסען דיא אויגען?

**יאסעלע:** (אפארט) רבונו של עולם! ווער האט נאך איהר געשיקט?

**מלכה:** (רופט) קום אריין שוואגער!

(אויפטריט אליקים).

**מלכה:** דערצעהל שוואגער, וואס דוא האסט ערשט געכטען מיט דיינע אויגען געזעהן, לאז דער זוהן הערען און וויסען, צי האט איהם זיין מאמע פאר 2 יאהרען געראטהען צום גוטען, צי ניין?

**אליקים:** גאָט ווייסט דעם אֱמֶת, אז איך וואָלט נישט געוואָלט יאָסעלען יִסורים צוטהיילען, אָבער אזא זאַך פערשווייגען איז איינפאַך אַ חִלול הַשֵם! געכטען, וויא איהר ווייסט, איז אין דער נאַכט געוועזען אַ מיליטערישע פּאַראַדע, מענשען זענען געלאָפען קוקען, איך בין אויך גראַדע געווען אין דער נאַכט. פּלוצים! זעה איך, עפּיס איינע פערשטעלט פאר אַ ציגיינערין מיט אַ רויטע קופּקע אויפ'ן קאָפּ, איך גיב אַקוק איז עס העניעלע.

**יאסעלע:** ווער? זאָגסטו?

**אליקים:** דיין העניעלע! דאַכט זיך איך קען זיא גוט? מיך האָט עס אֲפילו געוואונדערט, אַ מאַמע זאָל אין דער היים איבערלאָזען אַ קינד, און לויפען צו דער פּאַראַדע? איין אַנשטענדיגע פרויא טוהט עס נישט, אָבער וואָס איז דאָס מיין עסק טראַכט איך מיר? פּלוצים! זעה איך, וויא אַ געזונדער שעהנער יונג איז גלייך צו איהר צוגעלאָפען און נישט פיעל געטראַכט, חאַפּען זיך ביידע אַרום און שמאַטשקען זיך.

**מלכה:** דוא הערסט?

**אליקים:** אַדאָ האָב איך מיך נישט געקענט מעהר איינהאַלטען, איך בין צו איהר צוגעלאָפען און געגעבען אַ געשריי, דוא פערגעסט אז דוא ביסט אַפרויא פון אַ מאַן? און אַמוטער פון אַ קינד?

**מלכה:** און וואָס האָט דיא חֲצוּפָה דיר געענטפערט?

**אליקים:** גאָר נישט! זיא האָט מיר נאָר געגעבען אַ לאַך אין פָּנים, און האָט זיך אומגעדרעהט צו מיר מיט דעם ריקען.

**מלכה:** דוא הערסט?

**אליקים:** אין מיר האָט אָבער, פאַר ווייטאָג און פאַר בושה, אָנגעהויבען דאָס בלוט צו קאָכען. חֲצוּפָה! האָב איך אויף איהר געגעבען אַ געשריי, אֵשֶת אִיש! אויסגעלאַסענע! קוים אָבער האָב איך דאָס לעצטע וואָרט אויסגערעדט, האָט איהר ליעבהאָבער זיך געגעבען צו מיר אַלאָז צו און האָט מיר געגעבען אַ פּאַטש — וואָס זאָל איך אייך מאַריך זיין? נאָך היינט קלינגען מיר דיא ציין אין מויל פון דעם



נעכטיגען פּאַטש. אין דיינע מינען, יאָסעלע! דערקען איך אֲפילו, אז דוא האַלטסט מיך פאַר אַ ליגנער, נאָר ביי מיין עוֹלָם הַבָּא שווער איך דיר! אז אַלדינג וואָס איך האָב דיר דערצעהלט איז אֱמֶת, וויא גאָט איז אֱמֶת!

**מלכה:** נוּא בלינדער! וואָס זאָגסטו אַצינד? אֶפְשַר איז איין עֵדוּת נישט גענוג וועל איך דיר אַריינרופען דעם צווייטען (רופט) לייזערקי!

(אויפטריט לייזערקי).

**מלכה:** דערצעהל! וואָס האָסטו נעכטען געזעהן? וויא אַזוי האָט זיך העניעלע אויפגעפיהרט?

**לייזער:** לאָזט מיך צורוה! איך וויל נישט זאָגען! אז אַ מענש וויל דוקא גליקליך זיין אין זיין בלינדהייט, נוּא לאָזט איהם זיין!

**יאסעלע:** איך האָב אייך אַלע 3 מיט געדולד אויסגעהערט, יעצט לאָזט מיך אויך צו וואָרטע קאָממען. (רופט) העניעלע!

(אויפטריט העניעלע).

**יאסעלע:** העניעלע! וויא דוא ווייסט מיין לעבען, בין איך געסטערן דעם גאַנצען טאָג אַבוועזענד געוועזען. זאָג מיר מיין לעבען וואו ביסטו געסטערן געוועזען?

**העניעלע:** איך פערשטעה צוואַר דיין פראַגע נישט, טראָטץ דעם וועל איך דיר ענטפערן: דאָ אין דער היים, בין איך געווען דעם גאַנצען טאָג.

**יאסעלע:** דעם גאַנצען טאָג?

**העניעלע:** דעם גאַנצען טאָג!

**יאסעלע:** ביסט אַלזאָ געסטערן דעם גאַנצען טאָג ניערגענדס געוועזען? נישט אַרויסגעגאַנגען?

**העניעלע:** אָבער פאַטערל! וויא געה איך דען אָהן דיר זייט וויר פערהייראַטעט זינד?

**יאסעלע:** איך ווייס עס מוטערל! דאָך וויל געסטערן וואַהר איינע שעהנע פּאַראַדע, זאָ האַבע איך געגלויבט, אום דאָס שעהנע שוישפּיעל צו זעהן, האָסטו אויסנאַהמסווייזע דיר ערלויבט צו געהן?

**הענעלע:** וַואס פֶעלְט דיר אֵיין? גִיבְּט עֶס דֶען אִין דֶער וֶועלְט אֵיין שֶׁעהֶנֶערֶעס שׁוֹישְׁפִּיעל אַלְס אוּנְזֶער זִיעסֶעס קִינְד?

**יאסעלע:** (קושט זיא) דָאס אִיז מַיינֶע אַנְטְוָוארְט!

**הענעלע:** אָבֶּער זָאג מִיר יָאזֶעף וָואס גֶעהְט דָא אֵייגֶענְטְלִיךְ פָאר?

**יאסעלע:** עֶס אִיזְט נִיכְט דֶער מִיהֶע וֶוערְטְה נָאךְ דַארִּבֶּער צוּ שְׁפְּרֶעכֶען! קָאמְמֶע מִיט מִיר דוּא בִּיסְט אוּנְד בְּלֵייבְּסְט פִיר אִימְמֶער אוּנְד עֶווִיג מַיין הִימֶעל! מַיין גַן עֵדֶן! אוּנְד זָאל זִיךְ אוֹיךְ אֵיינֶע וֶועלְט מִיט פַיינְדֶע גֶעגֶען דִיךְ עֶרְהֶעבֶּען, אִיךְ, דַיין מַאן, וֶוערְדֶע נִיע פָאן דַיינֶער זֵייטֶע וַוייכֶען, אִיךְ שְׁוֶוערֶע עֶס דִיר בַּיים הֵיילִיגֶען פְּפַאנְד אוּנְזֶערֶער לִיעבֶּע בַּיי אוּנְזֶער קִינְד! (ביידע אב)

(אויפטריט בינים).

**בינים:** דֶער ב״ב הָאט אַייךְ גֶעלָאזְט שֶׁעהְן בֶּעטֶען...

**אליקים:** אַהַא! עֶר הָאט זִיךְ דָאךְ אִיבֶּערְלֶעגְט. קוּמְט!

**בינים:** שְׁטֶעהְט! הֶערְט מִיךְ קוֹדֶם אוֹיס! אַייךְ, אוּן אַייךְ ר׳ לֵייזֶערְקֶע הָאט דֶער ב״ב גֶעלָאזְט בֶּעטֶען, אַז אִיהְר זָאלְט צוּ מַאכֶען דִי טִיהְר פוּן יֶענֶער זֵייט! (צו מלכה) אוּן אַייךְ הָאט עֶר אָנְגֶעווִינְשׁוֶועט, אַז אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען אַ גְלִיקְלִיכֶע רֵייזֶע.

**מלכה:** דָאס הֵייסְט פָּשׁוּט עֶר וַוארְפְט מִיךְ אַרוֹיס?

**בינים:** נֵיין! חָלִילָה! עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז אִיהְר מֶעגְט אַייךְ אַלֵיין אַרוֹיסְוַוארְפֶען.

(אויפטריט זיסעל).

**זיסעל:** דֶער ב״ב הָאט אַייךְ גֶעלָאזְט שֶׁעהְן בֶּעטֶען אַז אִיהְר זָאלְט...

**בינים:** שׁוֹין! שׁוֹין! בִּיסְט צוּ שְׁפֶּעט גֶעקוּמֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פְרִיהֶער אָנְגֶעזָאגְט דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה!

**זיסעל:** תָּמִיד הָאט עֶר אַזַא טֶבַע עֶר חַאפְּט נוּר אוֹיס.

**מלכה:** זִיסֶעלֶע קוּם אַהֶער! דוּא וַוייזְט אוֹיס אֵיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד צוּ זַיין.

**לייזער:** גוּט עֶהְרְלִיךְ קֶען זִיא זַיין, אַז זִיא אִיז נָאר בַּייא אַזַא בבט״ע.

**מלכה:** זָאג מִיר דֶעם אֱמֶת! הָאסְטוּ גֶעכְטֶען אַ גַאנְצֶען טָאג צוּגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער הֵיים?



**זיסעל:** אַגַאנְצֶען טָאג!

**מלכה:** אוּן זִיא, דִיא בבט״ע דַיינֶע ווִיא אִיז גֶעוֶועזֶען?

**זיסעל:** אוֹיךְ דָא אִין דֶער הֵיים.

**מלכה:** אַגַאנְצֶען טָאג?

**זיסעל:** נִישְׁט אֲפִילוּ אַ מִינוּט אִיז זִיא עֶרְגִיץ אַנְדֶערְשׁ גֶעוֶועזֶען.

**מלכה:** קוּם אַהֶער בִּינִים! ווִיא בִּיסְטוּ נֶעכְטֶען גֶעוֶועזֶען?

**בינים:** (אפארט). (אט האסטו א נייעם סענדזשי ריכטער) אוֹיךְ דָא!

**מלכה:** אַ גַאנְצֶען טָאג?

**בינים:** אַ גַאנְצֶען טָאג אוּן אַ גַאנְצֶע נַאכְט אוּן אַ גַאנְץ יָאהְר, תָּמִיד אוּן שְׁטֶענְדִיג נוּר דָא!

**מלכה:** אוּן זִיא?

**בינים:** וֶוער זִיא?

**מלכה:** דַיין בבט״ע מֵיין אִיךְ! ווִיא אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען?

**בינים:** (כייז) אוֹיךְ דָא! אוּן הֶערְט אוֹיף צוּ נוּדֶען!

**מלכה:** עֶנְפֶער וָואס מֶען פְרֶעגְט דִיךְ! ווִיא אִיז זִיא נֶעכְטֶען גֶעוֶועזֶען?

**בינים:** הֶערְט אוֹיף, אוֹיף מִיר צוּ שְׁרַייֶען! אִיךְ בִּין אַ ב״ב מִיט שְׁלִיסֶעל! אִיךְ נֶעם אַייךְ אָן בַּיים קַארְג אוּן וַוארְף אַייךְ אַלֶע אַרוֹיס!

**מלכה:** אוֹיבּ אַזוֹי? אַלֵיין גֶעה!

**בינים:** וָואס הֵייסְט, אִיהְר הֵייסְט מִיר גֶעהְן? מֶען הָאט דָאךְ אַייךְ גֶעהֵייסֶען גֶעהְן?

**מלכה:** (כעז) גֶעה! זָאג אִיךְ!

**בינים:** (אבגעהענד צו זיסעלען) זִיסֶעלֶע! בִּין אִיךְ אַ הוּנְד אוֹיבּ אִיךְ וֶועל זִייא נִישְׁט פֶערְסַמֶיען. (ביידע אב)

**מלכה:** הֵייסְט עֶס, אִיהְר הָאט מִיךְ אוֹיךְ צוּם נַארְרֶ׳ן גֶעמַאכְט?

**אליקים:** שְׁוֶועגֶערִין! בְּנֶאֱמָנוּת שְׁוֶוער אִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין לִיגֶען דֶערְצֶעהְלְט. זֶעהְט מַיין בַּאק, מִיר דַאכְט זִיךְ אַז אַלֶע 5 פִינְגֶער שְׁטֶעהֶען נָאךְ אוֹיף אִיהְר.

לייזער: מאדאם באהאנע! זאל איך קרום ווערען אויפ'ן אנדערן פוס, צו איך האב אייך עפים דערצעהלט א ליגען.

מלכה: איז דאס נישט צום פערדריקט ווערען? איהר ביידע האט זיא געזעהען דארט? און זייא ביידע זענען געווען מיט איהר אין דער היים? ווי אזוי האט זיא געקענט זיין אין דער זעלבער צייט דא און דארט?

אליקים: ווער פערשטעהט נישט? אז אזא חצופה קען דיא דיענערשאפטען פאר זיך אבקויפען?

מלכה: קומט מיט מיר נאך א מאהל צו מיין פערפיהרטען זוהן!

אליקים: אבער! ...

מלכה: האט קיין מורא! קומט מיט מיר. (אלע 3 אב).

(אויפטריט בינים מיט א בינטל זאכען).

בינים: קום אריין זיסאלע! אט דא בין איך!

(זיסעל שרייט אונטערן קולים בינים! בינים!)

זיסעל: (ערשיינט) בינים! וואס טהוסטו דא?

בינים: איך פאק איין די שווינער!

זיסעל: געה לעג צוריק אלע זאכען זיא פאהרט נישט.

בינים: וואס הייסט זיא פאהרט נישט?

זיסעל: ווייל זיא וויל נישט.

בינים: וואס הייסט זיא וויל נישט? אזוי איז מען א ב"ב? וואס זאגט יאסעלע?

זיסעל: אבער גולם! דוא הערסט דאך אז זיא בלייבט!

בינים: אזוי, זיא בלייבט?

זיסעל: ער ווייסט נאך נישט דערפון? זייא זענען דאך ווידער צו איהם אריין געגאנגען?

בינים: ווער איז אריין געגאנגען?

זיסעל: דיא גאנצע טרויקע! אבער אזוי ווי זייא האבען איהם גיוואלט דולען, האט ער זייא אלע געלאזט שטעהן, און איז אוועק אין גאס אריין.



בינים: אזוי! ער איז אוועק אין גאס אריין? נוא בין איך דאך א ב"ב מיט שליסעל, וועל איך איינפאקען דער שווינער דיא זאכען, און וועל זייא אלע 3 ארויסוואַרפען אויף א שפענדעל.

(אויפטריט הענעלע מיט א בריעף).

הענעלע: א בריעף צו מיר? פון וועמען קאן ער זיין? (זיא לייענט דעם בריעף). זיסעס טהייערעס קינד! אין מיין גרויסער נויט האב איך מיך צו קיינעם צו ווענדין וויא נור צו דיר הענעלע! האב גאט אין הארצען און דערמאן דיך אן דער אלטער מרים, דיין אממע. (זיסעל — בינים פערוואונדערט—איהרע אממע?) ווי דוא האסט ביי דיינער געבורט, דיינע מוטער פערלויערען, בין איך געוועזען דיינע צווייטע מוטער. העלף מיר מיין קינד! דען איך בין אלט און קראנק! (פראזא) מיין גאט! און דאס מוז איך ערשט יעצט ערפאהרען? (צו די דיענער) קומט אהער ליעבע קינדער! דא האט איהר געלד און דא דיא אדרעסע, געהט שנעל אהין! דאך ווארט! נעהמט אויך מיט איין פאר היהנער און איינינע פלאשען וויין. און קומט ווידער אהער בעפאר איהר געהט צו איהר, ווייל איך וויל איהר איינען בריעף מיטגעבען. געהט קינדער!

זיסעל: וויעפיעל היענער?

הענעלע: וויעפיעל דוא וועסט קענען טראגען.

(זיסעל און בינים — אב)

הענעלע: (ועצט זיך און שרייבט) זא באלד עם ווירד נור מעגליך זיין, וועל איך צו דיר זעלבסט קאממען, דיין הענעלע ווירד ניע פערגעסען דאס זיא איז א מאהל אן דיינער ברוסט געלעגען.

(אויפטריט לייזערקי).

הענעלע: (טויזט) הא? וואס איז דאס פאר א פרעכהייט? דוא וואגסט נאך ווידער מיין שוועל איבער צו טרעטען, טראטץ דעם מיין מאן האט עם דיר פערבאטען?

לייזער: פאר מיין אבריזע, האט מיך דיין שווינער אריין געשיקט, איך זאל דיר עפים זאגען.

**הענעלע:** פאר דיין אבריזען? פאר דיין אבריזען האסטו געזאגט? גאט זיי דאנק איך וועל דיינע פטור ווערען! געה לייזערקע! געה בשם אלוקי ישראל! געה און דערלעב נישט וויעדער צוריק צו קומען. (אב)

**לייזער:** (פויזע) דאנק שעהן! אה א שרעקליך גליק האב איך צו די דאמען, וואס מעהר איך האב זייא ליעב, האבען זייא מיך מעהר פיינד. מיר דאכט זיך, אז איך האב זיא געשטערט פונים שרייבען, ווען איך בין אריינגעקומען? (זעצט זיך ביים שרייבטיש און לעזט) „זאבאלד עס ווירד נאר מעגליך זיין, וועל איך זעלבסט צו דיר קאממען, דיין הענעלע ווירד ניע פערגעסען, דאס זיא איזט א מאהל אן דיינער ברוסט געלעגען“. וואסזשע? זיא זאגט אליין אוים, אז זיא איז אן דיינער ברוסט געלעגין? אה!... ענדליך איז דיא צייט געקומען אז איך זאל אן איהר ראכע נעהמען! יא הענעלע! לעבענדיגערהייט וועל איך דיר אויסגראבען א קבר, אה! דוא טהייער ברוועלע! דוא ביסט ביי מיר מיליאנען ווערטה, אה! ראכע! ראכע! דוא ברענגסט מיר דיא ערווינשטע ראכע! (אב)

(אויפטריט בינים מיט א קיישיל פלעשער)

**בינים:** איך האב שוין א האלבען קעלער מיט וויין אויסגעטרונקען און זייא זענען נאך נישט דא! (מען הערט היהנער אונטער דיא קוליסען) אוי! דער רויטער האהן לאזט זיך נישט חאפען. — אהא! זיא געהט שוין!

(אויפטריט זיסעל מיט היהנער).

**זיסעל:** ביסט פארטיג? קום!

**בינים:** ווארט אוים, דיא בבט״ע דארף אונז מיטגעבען א בריוועלע.

**זיסעל:** זיא געהט אליין מיט. קום! ווארין זיא שטעהט אין דרויסען און ווארט אויף אונז.

**בינים:** ווארט אוים, לאמעך אן זאגען אז טאמער קומען זייא, זאל מען זיי געבען א קרענק צו עסען.

(אויפטריט לייזערקע און אליקים).

**אליקים:** וואס האסטו מיר דא דערצעהלט לייזערקי? דאס איז דאך עפים



א גאנצער אוצר וואס דוא האסט געפינען! אזא בריעף איז דאך גאר נישט צו בעצאהלען? נוא, און וואס האסטו מיט איהם געטהון?

**לייזער:** איך האב איהם געגעבען דער מאדאם כאהאנע, און זיא איז איהם געגאנגען אבזוכען.

**אליקים:** אצינד, וועט ער שוין נישט מעהר הייסען צו מאכען דיא טיהרען פון יענער זייט. אצינד, וועט ער גאר אנדערש רעדען. אמצוה אויף איהם! מיין טאכטער האט ער אפילו נישט געוואלט אנקוקען און האט אויסגעחאפט דיא מציאה, נא דיר א מציאה!

**לייזער:** מיר האט ער צוגענומען דעם ביסען פון דעם מויל, לאז ער זיך שוין מיט איהם דערווארגען!

**אליקים:** זעה נור לייזערקע! זיא האט דאך איהם אבגעזוכט. און וויא ער זעהט אוים?

**לייזער:** ווען איך האב אזא ווייב, וואלט איך איהר זאריז געגעבען גט אן כתובה.

(מלכה און יאסעלע צו איין אפענעם פענסטער).

**מלכה:** נוא מיין קינד, זייא ביידע זענען ליגנער? און איך בין א בעזע שווינער? נוא און דאס וואס איז? (צייגט איהם דאס בריוועלע) איהר שריפט! נוא זענען שוין אצינד דיינע אויגען אפען? ביסטו שוין ענדליך פון דער וואהרהייט איבערצייגט? נוא וואסזשע ביסטו אזוי דערשלאגען? איז זיא איבערהויפט ווערט, דוא זאלסט דיך פון איהרעטוועגען אזוי אוועקקלעגען?

**לייזער:** אזא ווייב דארף מען נור געבען גט אן כתובה.

**אליקים:** דוא וועסט חלילה נישט לאנג דארפען זיטצען אן א ווייב, ווייל מיין טאכטער איז נאך א בתולה.

**לייזער:** נאך אלץ א בתולה?

**מלכה:** וויא עס פאסט פאר דיר, אזא יאהר אויף דיין מאמען.

**אליקים:** מיט מיר בשותפות.

**יאסעלע:** וועג מיט אייך אלע!

**מלכה:** ביסטו פאן זינען?

**יאסעלע:** ניין! איהר ועהט ליגנער! פערליימדער! גלייך זאלט איהר אייך איבערצייגען דאס זיא ריין אונד אונשולדיג איזט. (נעהם צו די קולים און רופט)

העגעלע! העגעלע! קום אהער אויף איין אויגענבליק! הערסט נישט? (קומט צוריק) וואס, וועק איז זיא? אויסגעגאנגען? באלד נאכדעם ווי איך... אליין?... פאר וואס האט זיא מיר פריהער קיין ווארט נישט געזאגט? וואס געהט דא פאר?

**מלכה:** נוא! שרייא ווייטער אז מיר זענען ליגנער און פערליימדער. אט שטעהט עס מיט איהר איינענער האנדשריפט: „וואבאלד עס וועט נור מעגליך זיין, ווערדע איך זעלבסט קאמען. דיינע העגעלע ווירד ניע פערגעסען, דאס זיא איזט אן דיינער ברוסט געלעגען"!

**יאסעלע:** מוטער! פאר וואס, פרעג איך, זאל זיא מיר אונטרייא זיין? טראג איך זיא נישט אויף דיא הענד ארום? ערפילע איך נישט יעדען וואונש פון איהר? פאר וואס, פרעג איך, זאל זיא מיר אונטרייא זיין?

**מלכה:** אין דער מיינונג, אז דוא וועסט היינט אויך אויסבלייבען א גאנצען טאג אזוי וויא געכטען, איז זיא שוין געלאפען אויספיהרען דאס וואס זיא האט געשריבען. קענסט נאך פרעגען? וואס אנדערש האסטו געקענט ערווארטען פאן אזא ניעדריג בעשעפעניש וויא זיא? דאס איז דאך נישט מעהר וויא נאטירליך! דוא האסט איהר צופיעל נאכגעגעבען, זיא האט געהאט דא גוט בייא דיר, און פאר וואהלטאג האט זיא זיך אבגעזוכט איין אנדערן.

**יאסעלע:** איין אנדערן? ווערע זאוואס מענשענמעגליך? זיא, מיין אלעס אין דער וועלט, אין דיא ארמע איינעם אנדערן? (וויל אב) לאזט מיך געהן!

**מלכה:** וויא אהין מיין קינד, אין אזא צושטאנד? (לאזט איהם נישט)

**יאסעלע:** לאזט מיך געהן וויא מיינע פיס וועלען מיך טראגען, אויפזוכען מוז איך זיא, איבערצייגען דער גאנצער וועלט דאס קיין ענגעל איזט זא ריין וויא מיין העגעלע! (אב ראש).



## פערוואנדלונג.

(קאהר — סאנקא — מירא)

(מירא זינגט) איך שטעל אייך פאר לא-לא-לא-לא
וויר ביידע זענען דאס בעריהמטע ציגיינער פאר
טאנץ און שפיעל — זינגען פיעל
אה! דאס איזט אונזער ציעל
אונזער לעבענס ציעל טרא-לא-לא-לא-לא
זא זינגען וויר טרא-לא-לא-לא-לא
זא טאנצען וויר דיא לוסטיגע ציגיינער
זייא קענט דא יעדער איינער
זייער לעבען איז געזאנג
טאנצען, טרינקען, און שפיעלען זייער לעבען לאנג
פיהלט ער זיך שווערליך, דאן טרינקט ער מעהר
ליעבט ער הערצליך, זא היים! ווער ליעבט נאך ווער
אימער גרייט צו שטערבען דאך מוטה טהוט ער ערווערבען
אונד ווילסט דוא איהם פערדערבען
איזט אומזאנסט דיין מיה
אלעס לוסטיג פרעהליך זינגט
העלער דאן דיא שטימע קלינגט

(קאהר געהט אב און סאנקא מיט מירא נאכ'ן זינגען זעצען זיך אויף דער בריק צעהלען געלד)

(אויפטריט לייזערקי).

**לייזער:** (דערזעהט מיראן) מיין גאט! וואס זעה איך? איז דאס נישט העגעלע? האב איך דאך נעכטען אויך א טעות געהאט! נוא איז דאך העגעלע אונשולדיג! נוא! און אז זיא איז אונשולדיג? וואס-זשע הארט עס מיך? אבער קוקט אן דאס פנים. נאטוראל גלייך זיא וואלט עס געוועזען. (לאזט זיך צו מיראן)

**מירא:** מיין נאמען איז מירא! און דאס איז מיין מאן סאנקא!

**סאנקא:** אוי מירא! מיר שיינט אז דאס איז דער, וועלכער וואר געבטעטן מיט יענעם ביי דער פאראדע, און האט דיך זא בעליידיגט און איך האב איהם אזוי גוט בעלאהנט דאפיר.

**לייזער:** (אפארט) איינע גוטע אידעע! (צו זייא) זאגט נאר! איהר ווילט געלד פערדינען?

**סאנקא:** געלד צו פערדינען? אהער!

**מירא:** מיר קענען זינגען, טאנצען אויך דיא צוקונפט אויף דער האנד לעזען, וויל דער הערר מיר זיינע האנד ערלויבען?

**לייזער:** זאגט מיר נאר! פון וואנען קומט איהר אהער?

**סאנקא:** מיר זענען רייזענדע קינסטלער! אונזער היימאט איז דיא גאנצע וועלט. מיר רייזען פאן לאנד צו לאנד, פאן שטאדט צו שטאדט און מיר ערנעהרען זיך פון אונזער קונסט.

**לייזער:** (נעמט אן מיראן ביים ארם) הערט! איך וויל אייך עפים זאגען!

**סאנקא:** (שטויסט איהם בייזייטע) אן הענד!

**מירא:** דוא! מיט דיין עוויגער אייפערזוכט! שטערסט אונזער ברויט צו פערדינען.

**לייזער:** הערטשי מיך אוים...

**סאנקא:** (שטויסט איהם ווידער וועק) אן הענד!

**מירא:** וואסזשע ביסטו טאקע אייפערזיכטיג אויף אזא חיה? הא, הא, הא, הא...

**לייזער:** איך וויל אייך געבען געלד צו פערדינען, דען איהר זענט דאך ארמע לייטע.

**מירא:** ארם, אבער גליקליך! מיר זענען שטענדיג מונטער און לוסטיג. יובא...

**לייזער:** אבער איהר ווילט פערדינען?

**מירא:** געוויס! ווילסטו אונז איינלאדען אויף איינען אונטערהאלט. מיר זאלען דיא געסטע אמוזירען מיט אונזער זינגען און טאנצען?

**לייזער:** ניין! עפים אנדערש וויל איך פון אייך! זעהט איהר דארט יענעם



באלקאן? דארט וואהנט מיינע א פריינדין, וויל איך איהר אבטיהן א שפיצעל. אבער נור פער שפאס!

**מירא:** נו וואסזשע זאל איך טהון?

**לייזער:** איהר זאלט שטעהן דא אויף דער בריק. און ווען איהר וועט מיך זעהן אנקומען מיט נאך א מאן, און ער וועט זיך וועלען צו אייך צולאזען, זאלט איהר אייך ערשרעקען און א געשרייא געבען: מיין מאן! איך בין פערלוירען! נא לאמיך זעהן צי וועט איהר קענען?

**מירא:** (דראמאטיש) מיין מאן! וועה, איך בין פערלוירען!

**לייזער:** ניין! ניין! דאס איז צופיעל דראמאטיש!

**מירא:** (אנדערש) מיין מאן! וועה מיר, איך בין פערלוירען! אזוי איז גוט?

**לייזער:** יא!

**סאנקא:** נוא, און איך האב אויך א ראלע?

**לייזער:** געוויס! איהר דארפט זיא אזוי ארומנעמען. (וויל עס טהון)

**סאנקא:** אן הענד! ארומנעמען וויל איך זיא אליין.

**לייזער:** און דארפט איהר זאגען „שרעק דיך נישט מיין טהייערע העלענע, ער האט אונז נישט געזעהן! קום שנעל אוועק!"

**סאנקא:** דאס וועל איך קענען! אוי! אוי! ווי אזוי הייסט זיא? (לייזער, העלענע!) — שרעק דיך נישט מיין טהייערע העלענע! ער האט אונז נישט געזעהן! קום שנעל אוועק וואוהין מיר קענען? — נוא, גיטזשע אהער געלד! (געשיהט)

**לייזער:** נון, געהט און זייט פארזיכטיג! (ביידע) נוא קום! (אלע 3 אב רעכטס)

(אויפטריט מלכה, יאסעלע און אליקים).

**מלכה:** האב איך דיר נישט געזאגט, אז דיין מיה איז אומזאנסט? ווער ווייסט וויא ווייט זיא איז ערגיץ? קום אהיים און ווארט מיט געדולד ביז זיא וועט אהיים קומען, און דערנאך וועסטו זעהן וואס דו האסט מיט איהר צו טהון.

**אליקים:** פאלג עלטערע מענשען! שלאג מיט איהר א כפרה, לאך דיך אוים דערפון.

(אויפטרים לייזערקע).

**לייזער:** (צו יאסעלע׳ן) הענעלען זוכסטו? קום איך וועל דיר ווייזן וויא זיא איז.

(אפטרים סאנקא און מירא).

**לייזער:** אט האסטו זיא! אה!

**יאסעלע:** הייליגער גאט! איזט עס איין בלענדוועדק דער העללע? אדער איז דאס בלויז איין דעמאן וועלכער האט איהרע געשטאלט אנגענומען, אום מיך פערריקט צו מאכען? הענעלע! שטעה! דוא הערצענסלאזע בוהלערין!...

**מירא:** מיין מאן! וועה מיר! איך בין פערלארען!...

**סאנקא:** שרעק דיך נישט מיין טהייערע הענעלע! ער האט אונז נישט געזעהען! קום שנעל!

**יאסעלע:** הענעלע! (פאלט אהנמעכטיג)

**פארהאנג פאלט.**

## ענדע דעם צווייטען אקטעס.



# דריטער אקט.

(דאסזעלבע צימער וויא אין צווייטען אקט, קינדערוועגעלע בינים און זיסעל).

**בינים:** זיסעלע! פארגעס דיך נאר נישט!

**זיסעל:** וועה נור, איך מאך מיט איהם א שפאס. און ער מיינט עס טאקע אין ערנסט? זאג נאר דוא בינים! דוא ווייסט? אונז דארפען מיר זיך אליין אויך אין זינען האבען?

**בינים:** וואס איז? ווילסט מיר שוין אוודאי עפּיס דערצעהלען? איך וויל נישט חתונה האבען!

**זיסעל:** פאר וואס?

**בינים:** ווייל איך האב מורא פאר א שווינער!

**זיסעל:** בהמה! גולם! וואס דוא ביסט! איך האב דאך נישט קיין מאמען.

**בינים:** איך האב דאך אבער מורא אז דוא וועסט א מאהל דארפען זיין א שווינער?

**זיסעל:** זאג נאר בינים! א שעהן פנים האסטו געהאט יענע וואך, אז דוא האסט בעדארפט ארום געהן פון שטוב צו שטוב מען זאל דיר פאררעכטען א העמד, און אן נעהען א קנעפיל? נוא, האסט נעהאט עפּיס א שעהן פנים?

**בינים:** נוא ועהסטו! בין איך העכסטענס געגאנגען און מיר געקויפט א העמד.

**זיסעל:** יא, ווען דוא האסט אבער א ווייב? וואלסטו דאך גישט געדארפט אנקומען צו קיינעם. איך וואלט דיך אוועק און וואלט דיר געקאכט. וואס ווענט איהר נאר מענער אן אונז פרויען? אזוי ווי א שניידער אן א מאשין!

## שְׁנֵיידֶערִיל אָהְן אַ מַאשִׁין.

זיסעל: נוּא פָּאלְגֶעשֶׁע מִיךְ מַיין בִּינִימִיל.
זָאג שׁוֹין דָאס גוּטֶע וָוארְט —

בינים: נֵיין! דָאס פוֹעֶלְ'סְטוּ נִישְׁט זִימַאלֶע,
הָאסְט נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען דָאס וָוארְט.

זיסעל: וֶועסְט זֶעהְן עֶס וֶועט דִיר בַּאנְג טְהוּן.
טְרֵייבּ נִישְׁט דַיין גְלִיק אַוֶועק.

בינים: אִיךְ בֶּעט דִיךְ לָאז מִיךְ אֵיינְרוּהֶען,
וַוייל חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען אִיז אַ שְׁרֶעק.

זיסעל: עֶרְקְלֶעהְרֶזְשֶׁע מִיר אַלְם מַאן,
וָואס דוּא לֶעגְסְט אִין דֶעם גֶעשֶׁעפְט אַרַיין?

בינים: קוֹים צוּבְּרֶעכְט מֶען נוּר דָאס גְלֶעזֶעל,
אִיז דֶער קָאפּ שׁוֹין אִין דֶער עֶרְד,
אַרְבֵּייטֶען מוּז מֶען וִויא אֵיין עֶזֶעל,
אוּן אִיהְר מִיטְשֶׁעט אוּנְז וִויא דִיא פֶערְד.

זיסעל: וָואס זֶענְט אִיהְר מֶענֶער אָהְן אוּנְז נָאר,
וָואס קֶענְט אִיהְר אָהְן אוּנְז טְהוּן?
אַ מַאן אָהְן אַ וַוייבִּיל אִיז דָאךְ נָאר,
וִויא אַ שְׁנֵיידֶער אָהְן אַ מַאשִׁין.
אִיךְ וֶועל דִיר קָאכֶען אִיךְ וֶועל דִיר בַּאקֶען,
עֶס וֶועט אַלֶעס זַיין אַ פְרֵייד.

בינים: אוּן אִיךְ וֶועל אַלֶעס מַאכֶען,
עֶס וֶועט אַלֶעס קְרַאכֶען,
חָלֶעבֶּען עֶס אִיז טַאקֶע גֶעשֵׁיידְט.

ביידע: לָאמִיר זִיךְ בֵּיידֶע עֶרְקְלֶעהְרֶען,
אוּן גֶעבֶּען דִי הֶענְטֶעלֶעךְ דָא,
עֶס זָאל אוֹיסְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען,
אוּן זַיין אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה.



אוּן זַיין אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה
אוּן זַיין אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה

(זיי מאַנצען ביידע אב און טרעטען ווייטער אויף)

זיסעל: עֶר שְׁטֶעהְט שׁוֹין וַוייטֶער בַּיים קִינְד! — וָואס דָא טְהוּט זִיךְ, וָואס דָא אִיז גֶעוָוארֶען? בִּינִים! וֶועק נִישְׁט אוֹיף דָאס קִינְד!

בינים: עֶר וִויל עֶסֶען!

זיסעל: נֵיין, עֶר וִויל שְׁלָאפֶען!

בינים: עֶר וִויל עֶסֶען!

זיסעל: עֶר וִויל שְׁלָאפֶען, זָאג אִיךְ!

בינים: אִיךְ גֶעה אַרַיין זָאגֶען דֶער מַאמֶען זִיא זָאל אִיהְם גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען.

זיסעל: גֶעה נִישְׁט! לָאז זִיא נֶעבִּיךְ צוּרוּה.

בינים: וָואס אִיז שׁוֹין דָארְטֶען וַוייטֶער גֶעוֶועזֶען?

זיסעל: פְרֶעג מִיךְ נִישְׁט!

בינים: וָואס אִיז?

זיסעל: פְרֶעג מִיךְ נִישְׁט זָאג אִיךְ! פַאר וָואס אִיז אִיהְר דָאס נֶעבִּיךְ גֶעקוּמֶען? אַזַא גוּטֶע נְשָׁמָה!

בינים: אִין אוּנְזֶער שְׁטוּבּ אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִישׁ. זִיסֶעלֶע הָאט בֶּעקוּמֶען דָאס לוֹיפֶענִישׁ, אַלֶע לוֹיפֶען אַרוּם אַזוֹי וִוי צוּדוּלְט, אוּן בִּינִים זָאגְט פָּשׁוּט אַז אִיהְר זֶענְט...

זיסעל: וֶועסְט דִיךְ אָבְּטְשֶׁעפֶּען פוּן מִיר? אָדֶער אִיךְ וֶועל מַיין בִּיטֶער הַארְץ אוֹיסְלָאזֶען צוּ דַיין קָאפּ! (רעדט צו זיך אַליין) וָואס הָאט עֶר גֶעהַאט צוּ אִיהְר? פַאר וָואס? פַאר וֶועמֶען? אוֹי! אוֹי! מִיר אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער נֶעבִּיךְ! פַאר וָואס זֶענֶען מִיר אַזוֹי אִין גָלוּת בַּיי אַייךְ מֶענֶער? אוּן עֶר הֵייסְט אִימְקְלָאמְפֶּערְשְׁטֶען, דֶער גוּטֶער מַאן? דָאס מַזָל אוֹיף אַלֶע מֶענֶער! וִוי אַזוֹי אִיהְר בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּנְז שְׁוַואכֶע פְרוֹיעֶן! נֵיין זָאג אִיךְ! עֶס אִיז קֵיין אֵיינְצִיגֶער גוּטֶער מַאן אוֹיף דֶער וֶועלְט נִישְׁט דָא! אִיהְר זֶענְט נִיכְט וֶוערְט וָואס דִיא עֶרְד טְרָאגְט אַייךְ.

בינים: שְׁוַואכֶע פְרוֹיעֶן נֶעבִּיךְ! קוּקְט זִיא נוּר אָן! אַ שְׁוַואךְ לֶעמֶעלֶע אִיז

זיא! אזוי לאנג זענט איהר גוט, וויא לאנג איהר זענט מיידלעך, ווייבלעך, — ווערט איהר אבער שוויגערס, זאל עס אייך אלע אויסרייסען!

(אויפטריט הענעלע בלאם).

**זיסעל:** האלט דאס מויל! אהא! זיא איז דאס! און ווי זיא זעהט נעביך אוים.

**הענעלע:** (צום ווייגעל) קינד מיינס! אונשולדיגער ענגעל! וויא ליעבליך און זארגענלאז דוא ליעגסט דיר אין דיין וויגעלע, דוא ווייסט נאך קיין זאך פון דער אויסענוועלט, דוא קענסט נאך קיינע אנדערע מענשען, וויא נור דיינע מוטער, וועלכע גיבט דיר נאהרונג! אך! וויא גליקליך פיהלט זיך מיט דיר דיינע מוטער! אבער ווי איז דער מענש וועלכער איז פאלקאמען גליקליך? ניין! דער מענש מוז פיהלען, אז ער לעבט אויף דער ערד! אויף דער טרויריגער וועלט! איבער 2 יאהר וואר אונזער הויז איין גן עדן! מיין מאן דער בעסטער פון אלע מענשען!

**זיסעל:** איך קען מיך מעהר נישט איינהאלטען! איהר מעגט אויף מיר ברוגז זיין, אבער איך מוז רעדען, איהר בב״טע! איהר אליין, זענט שולדיג! מיין מאמע עליה השלום, פלעג זאגען „אמאן טאר מען נישט צו פיעל נאכגעבען", „אמאן טאר מען נישט צו פיעל ליעב האבען", ווארין אמאן איז אזוי וויא א הונד, לאזט מען איהם שפרינגען אויף דער באנק, שפרינגט ער אויף דעם טיש.

**הענעלע:** געהט קינדער, לאזט מיך אליין!

**זיסעל:** אוי! אז אך און וועה וועט זיין דעם מאן, וואס וועט אריין פאלען צו מיר אין דיא הענד! (אב מיט בינים)

**הענעלע:** אך וויא שווידל — וויא דריקענד איזט היער דיא לופט (עפענט דאס פענסטער) עס שיינט מיר איך הערע שריטטע, איזט ער עס? גאט אים הימעל! ווארום איזט מיר זא באנגע? ווארום ציטערע איך? דראהעט מיר איין אונגליק? פיר וועלכע זינדע?



(אויפטריט יאסעלע בלאם).

**יאסעלע:** איז דיין אונמוטה נאך נישט פאראיבער? רעדע דאך צו מיר! פארוואס קוקסטו מיך אזוי פינסטער אן?

**הענעלע:** יאזעף! דוא מאכסט מיר אנגסט!

**יאסעלע:** אנגסט? שרעקסט דיך פאר מיר? פאר וואס? ביזטו דען נישט מיין טרייעס מיין עהרליכעס ווייב? בין איך דען נישט דיין ליעבענדער מאן? זא קאמע דאך הער צו מיר, בליקע דאך צו מיר מיט דיינע אונשולדיגע אויגען! נוא פאר וואס שטעהסטו פאן ווייטען?

**הענעלע:** מיך שוידערן דיינע בליקען! גאט אים הימעל! איז דאס מיין מאן וואס פון זיינע אויגען פלעג מיר אימער ענטגעגען־שטראהלען איין הימעל פאל גליק אונד ליעבע? וואס איזט אוים דיר געווארדען מיין יאזעף?

**יאסעלע:** וואס עס איז אוים מיר געווארען פרעגסטו? האלסטו מיך פאר אזוי דום אדער בלינד?

**הענעלע:** איך פערשטעה דיך נישט!

**יאסעלע:** אבער איך פערשטעה דיך! (געהט צום פענסטער צייגט) זעה נור! היער איין קליינעס קינד, דרויסען איזט איין געוויטער, אונד דאס פענסטער איזט אפפען, וואצו פראגע איך? אום דיינען ליעבהאבער שנעל צו עקספעדירען, דען דיין ליעבער מאן קאמט אן.

**הענעלע:** אלמעכטיגער גאט! וואס זינד דאס פיר ווארטע? יאזעף! איך ווייס נישט וועלכער ווילדער טרוים, האט דיר פלעצליך דיינען קאפ פערדרעהט? דאס איינע אבער וויים איך! אז דו בימט מיין מאן, מיין לעבען! אפשר האב איך מיך אונבעוואסט מיט עטוואס געגען דיר פערזינדיגט? לאז מיך וועניגסטענס וויסען, זאג מיר, אוים וועלכע אורזאכע, האסטו פלעצליך אנגעהויבען אן מיינער טרייע צו צווייפלען?

**יאסעלע:** גאט איזט מיין צייגע! איך האבע דיר שטעטס געגלויבט, מיט אלע מיינען קרעפטען האבע איך דיינע אונשולד פערטיידיגט, ביז דיינע אויגען — הערסטו עס? ביז דיא 2 אויגען האבען דיך דייטליך

אַן דֶער בְּרוּסְט דַיינֶעם פֶערְפִיהְרֶערְס גֶעזֶעהְן, זָא וִויא אִיךְ זֶעהֶע דִיךְ יֶעצְט.

(אויפטריט מלכה, אליקים און לייזערקע).

**הענעלע:** יָאזֶעף! נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ נוּר דוּא פַאנְטַאזִירְסְט.

**מלכה:** עֶר פַאנְטַאזִירְט? נוּא אוּן אִיךְ פַאנְטַאזִירֶע אוֹיךְ?

**אליקים:** נוּא אוּן אִיךְ?

**הענעלע:** לֶעבּ אִיךְ, אָדֶער גֶעהֶע אִיךְ אַרוּם אוֹיפְ'ן עוֹלָם הַתּוֹהוּ?

**יאסעלע:** אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיךְ פוּן וַוייטֶען עֶרְבְּלִיקְט, הָאסְטוּ אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען „וֶועה מִיר! מַיין מַאן! אִיךְ בִּין פֶערְלוֹירֶען!" אִיז דָאס אֵיינֶע פַאנְטַאזִיֶע?

**הענעלע:** יָאזֶעף! בַּייא דֶעם הֵיילִיגֶען פְּפַאנְד אוּנְזֶערֶער לִיעבֶּע! בַּייא אוּנְזֶער קִינְד שְׁוֶוער אִיךְ!...

**יאסעלע:** שְׁוַוייגֶע! עֶהֶעבְּרֶעכֶערִין! בּוּהְלֶערִין! דוּא וַואגְסְט נָאךְ צוּ שְׁוֶוערֶען בַּייא אוּנְזֶער קִינְד?

**מלכה:** אוּן מִיט וָואס פַאר אַ רֶעכְט, זָאגְסְטוּ אוּנְזֶער קִינְד? וֶוער דַיין טַאטֶע אִיז, ווַייסְטוּ נוּר אַלֵיין!

**הענעלע:** הֶער מַיין קִינְד! הֶער וָואס מֶען זָאגְט אוֹיף דִיר! אוּן דוּא יָאזֶעף שְׁטֶעהְסְט פוּן וַוייטֶען אוּן עֶנְטְפֶערְסְט גָאר נִישְׁט?

**יאסעלע:** ווִילְסְט הֶערֶען וָואס אִיךְ זָאג? קֶען אִיךְ דֶען אַנְדֶערְשׁ זָאגֶען? וֶוען דִיא מוּטֶער אִיזְט אֵיינֶע בּוּהְלֶערִין, אִיזְט דַאס קִינְד אֵיין בַּאסְטַארְד!

**הענעלע:** (נעממ דאס קינד פאם וויעגעל) קוּם קִינְד! לֶענְגֶער דַארְפֶען מִיר נִישְׁט פֶערְבְּלֵייבֶּען דָא אִין דִיעזֶעם הוֹיזֶע! גָאטְטֶעס פְלוּךְ רוּהְט אוֹיף דִיעזֶעם הוֹיזֶע, וַייט דִיעזֶע פְרוֹיא הָאט דִיא שְׁוֶועל בֶּעטְרֶעטֶען! קוּם אֵיינְצִיגֶער טְרָאסְט מֵיינֶער! אַ יָתוֹמ'ל בִּיסְטוּ יֶעצְט! אַ יָתוֹם אָהְנֶע פַאטֶער! — אַבֶּער אֵיינֶע מוּטְטֶער אִיזְט דִיר נָאךְ צוּרִיקְגֶעבְּלִיבֶּען, ווֶעלְכֶע וֶועט דַאס בְּלוּט פוּן אִיהְרֶעם הֶערְצֶען פַאר דִיר אַוֶועק גֶעבֶּען. דֶען וֶוער ווַייסְט נָאךְ בֶּעסֶער דֶעם אֶמֶת, וִויא אִיךְ, אַז דוּא בִּיסְט אֵיין כָּשֵׁר אוּן



עֶהְרְלִיךְ קִינְד? קוּם מִיט מִיר! אוּן דֶער אֲבִי יְתוֹמִים מֶעג אוֹיף אוּנְז בֵּיידֶע רַחֲמָנוּת הָאבֶּען. (אב)

**מלכה:** וָואס? עֶס טוּהְט דִיר בַּאנְק נָאךְ דֶער מְצִיאָה?

**יאסעלע:** אִין זָא אֵיינֶעם וֶועטֶער. וואו קֶען זִיא גֶעהְן?

**מלכה:** וִויא אַהִין? גֶעווִיס צוּ אִיהְר לִיעבְּהַאבֶּער.

**אליקים:** וִויא דֶען? גֶענוּג יָאסֶעלֶע! גֶענוּג! פָּטוּר גֶעווָארֶען אַ חָמֵץ פוּן דֶער שְׁטוּבּ!

**מלכה:** וָואסזֶשֶׁע זִיפְצְסְטוּ? וָואס ווַיינְסְטוּ נַארְ'לֶע? אִיז אַזוֹי אֵיינֶע, ווֶערְטְה דַיינֶע טְרֶעהְרֶען? בֶּערוּהִיגֶע דִיךְ מַיין קִינְד!

**יאסעלע:** פִיר מִיךְ גִיבְּט עֶס קֵיינֶע פְרֵיידֶע מֶעהְר אוֹיף דִיעזֶער ווֶעלְט. אַדְיֶע גְלִיק, הָאפְנוּנְג אוּנְד פְרֵיידֶע! אַלֵיין בִּין אִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען מִיט מֵיינֶעם אַבְּגֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם גְלִיק.

(אויפטריט בינים און זיסעל).

**זיסעל:** שְׁנֶעל בִּינִים! אִיךְ בֶּעט דִיךְ! (לויפען דורך) מִיךְ לָאזְט עֶס נִישְׁט אַיינְרוּהֶען, אִיךְ מוּז אִיהְר נָאךְ! וֶוער ווַייסְט, צוּ וָואס דֶער שְׁמֶערְץ קֶען זִיא נָאךְ טְרַייבֶּען?

**מלכה:** וִויא אַהִין לוֹיפְט אִיהְר?

**זיסעל:** דָאס אִיז נִישְׁט אַייֶער זַאךְ!

**מלכה:** הַאלְט דָאס מוֹיל, חֲצוּפָה!

**זיסעל:** אוּן אַז נִישְׁט, וָואס הָאבּ אִיךְ דֶען מוֹרָא פַאר אַייךְ? טְרַייבְּט מִיךְ אוֹיךְ אַרוֹיס, אַזוֹי וִויא דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע הֶענֶעלֶע!

**מלכה:** אוּנְשׁוּלְדִיגֶע הֶענֶעלֶע?

**זיסעל:** יָא! אוּנְשׁוּלְדִיגֶע הֶענֶעלֶע! דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אִיהְרֶע פִיס, וָואלְט אִיךְ נִישְׁט פֶערְבִּיטֶען אוֹיף אַייֶער גַאנְץ לַייבּ אוּן לֶעבֶּען.

**מלכה:** אוֹיבּ אַזוֹי? גֶעהְט שׁוֹין טַאקֶע! (טרייבט זייא)

**בינים:** וָואס אִיז? וָואס שְׁרַייט אִיהְר אַזוֹי? טְרַייבְּט אוּנְז נִישְׁט, אִיהְר וֶועט דָאךְ נָאךְ נִישְׁט אוּנְזֶער שְׁווִיגֶער.

(אויסטריט חזן מיט הענעלעס אַ מאַנטעל אָדער אַ קוטע ווײנענד).

**חזן:** זייט מיר מוחל מײן פּלוצימדיגע וויזיט, אָבער װעה מיר!

**אלע:** וואָס איז געשעהן?

**חזן:** ווי איהר ווייסט, וואָהן איך נישט ווייט פונ׳ם טייך. ווען דער שטורם האָט אויסגעבראָכען, בין איך געזעסען ביים פענסטער, פּלוצים! דערזעה איך אַ פרויא פאַרבייא לויפען, מיט אַ פּיצעלע קינד אויף איהרע הענד, אויסגעזעהן האָט זיא, אַזוי ווי איינע, וואָס האָט נעביך איהר פערשטאַנד פערלוירען. איך בין אַרויסגעלאָפען, און האָב איהר נאָך געשריגען, אָבער זיא האָט מיך נישט געהערט. ציא האָט זיא מיך נישט געוואָלט הערען, איך בין איהר נאָך געלאָפען, איך וואָל זיא מיט געוואַלד צוריקהאַלטען, אָבער נאָך איידער איך האָב זיא אָנגעיאָגט, איך וואָל זיא מיט געוואַלד צוריקגעהמען, איז זיא שוין געוועזען אין טייך. נאָך איין געשרייא האָב איך געהערט. דאָס איז שוין געוועזען איהר לעצטעס געשרייא. דען באַלד האָבען דיא כוואַליעס זיא פערשלונגען.

**יאסעלע:** וועמין? וועמין פרעג איך? ווער איז דיא פרויא געוועזען?

**חזן:** נאַט! אָט האָט איהר דעם מאַנטעל, און דערקענט איהם!

**יאסעלע:** (נעמט דעם מאַנטעל, דערקענט איהם, פאַלט אָהנמעכטיג, מען מונטערט איהם) אַך!... לאָזט מיך!... (וויל אב)

**חזן:** צו שפּעט! צו שפּעט! הענעלע האָט איהר קבר אין וואַסער געפינען! ברוך דיין אמת! (אב ווײנענד)

**מלכה:** אַז עס וואָל אַזוי ווייט קומען, האָב איך מיך נישט גערעכנט!

**זיסעל:** דיא ערהרליכקייט וואָל מיט אַזאַ טויט ענדיגען? גאָט וואָל אייך איידען בעצאָהלען, ווער עס איז שולדיג אין איהר פריהצייטיגען טויט! (וויינט, בינים אויך)

**יאסעלע:** איהר ווײנט אַלע? איהר גליקליכע! — איהר קענט ווײנען, נאָר איך אַליין האָב קיינע טרעהרען; איך פיהל נור, ווי דאָס הערץ ווערט אין מיר צערשפּרינגען! אַ הענעלע! וואַרום מוססטע איך ביי דיר זאָ איין ענדע ערלעבען? וואַרום ביסטו זאָ טיעף געזונקען?



**זיסעל:** ב״ב איהר ווענט אַ ליגנער! איין ליגנער! איין שקרן! איין נאַרר. איין שלעכטער! און טוהט מיר וואָס איהר ווילט!

**מלכה:** שטיל דוא!

**יאסעלע:** ניין, ניין! קינד! שימפף נור ווייטער! רעד אַלעס פריא אַרויס: אַלעס וואָס דוא קענסט! רעד מיט דיינע ביטערע ווערטער. נור וואַהרהייט! קום, קום אַהער צו מיר! דיינע וועלטענע טרייסט צו הענעלען, מוז איך שעטצען! אָבער קענסטו דען איהרע שולד פערטיידיגען? קענסטו עס? רעד ווייטער! לאָז איין יעדעס וואָרט פאָן דיר, ווי איין דאָלך מיין הערץ דורכבאָהרען! נור וואַהרהייט גיב מיר!

**זיסעל:** פערטיידיגען וואָל איך זיא? קודם האָט איהר זיא פערמשפּט, און אַצינד, וואָל איך זיא פערטיידיגען? אַ שעהנער מאַן ווענט איהר! נור וואָס וואָל איך דען ברוגז זיין אויף אייך, ווענט איהר דען בעסער פון אַלע אַנדערע מענער? אַ שעהן פּנים, האָט איהר אַלע אין מיינע אויגען.

**בינים:** (מומקעט) נוא און איך?

**יאסעלע:** קום אַהער זיסעלע!

**זיסעל:** וואָס ווילט איהר?

**יאסעלע:** דיינע ערגעבענהייט צו איהר, צייגט מיר אַז דוא האָסט געוואוסט אַלע איהרע געהיימניסע?

**זיסעל:** זיא האָט נישט געהאַט קיין געהיימניסע! ערהרליך און ריין איז זיא געוועזען ווי אַ מלאך!

**יאסעלע:** דאַן, ערקלעהר מיר וואָס דער בריעף בעדייטעט?

**זיסעל:** דעם בריעף האָט זיא געשריבען צו איהר אַמם.

**יאסעלע:** צו וועמען?

**זיסעל:** אין אייער קאַרטעלע וועהט איהר דאָך, וואָס זיא שרייבט. אַוודאי איז זיא ביי איהר ברוסט געלעגען, זיא האָט דאָך איהר מילך געזויגט.

צו וָועמֶען דֶען, הָאט אִיהָר גֶעמֵיינְט ? אָט, הָאט אִיהָר דָאךְ דֶעם בְּרִיעף פוּן דֶער אַמֶם. (צייגט בריעף)

**יאסעלע:** מֵיין קָאפְּף ! אִיךְ פֶערְלִירֶע מֵיינֶע זִינֶנע !

**זיסעל:** וִיא הָאט אוּנְז גֶעהֵייסֶען מִיטְנֶעהֶמֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע זַאכֶען, אוּן הָאט אוּנְז גֶעוָואלְט מִיטְגֶעבֶען דֶעם בְּרִיעף צוּ אִיהְר, אָבֶער וִיא הָאט זִיךְ אִיבֶּערְלֶעגְט אוּן אִיז צוּזַאמֶען מִיט אוּנְז גֶעגַאנְגֶען, אוּן דֶער בְּרִיעף אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְבֶּעעֶנְדֶעט.

**יאסעלע:** אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט ! עֶרְהַאלְטֶע מִיר מֵיינֶען פֶערְשְׁטַאנְד !

**מלכה:** צִי דֶער בְּרִיעף אִיז גֶעוֶוען צוּ אִיהְר אַמֶם, צִי נֵיין ? לָאז אִיךְ שְׁטֶעהְן אִין אַ זֵייט ! אָבֶער וָואס הָאבֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהְן ?

(אויפטרים סאַנקאַ און מיראַ).

**סאנקא:** פֶערְצֵייהֶעט מִיר, גוּטֶע מֶענְשֶׁען ! דָאס גֶעוִויטֶער הָאט מִיךְ מִיט מַיינֶער פְרוֹיא אִיבֶּערְרַאשְׁט אִין מִיטֶען וֶועג, עֶרְלוֹיבְּט מִיר, זִיךְ דָא מִיט מֵיינֶער פְרוֹיא צוּ שִׁיצֶען, אַיָאה אִיהְר עֶרְלוֹיבְּט ? נוּא קוּם אַרֵיין מִירַא, דָא זֶענֶען גוּטֶע לֵייטֶע.

**מירא:** בּ־ר־ר־ר־ר־ר . . . וִויא נַאס אִיךְ בִּין ! אִיךְ צִיטֶער וִויא אַ פִישׁ אִין וַואסֶער. (דיא אַנוועזענדע ערבליקענד) יָא ! אָבֶער וֶועלְכֶער שְׁוַוארְצֶער יָאהְר הָאט זַייא אַהֶער גֶעבְּרַאכְט ?

**אלע:** (רופען איבערראַשט) הֶענֶעלֶע ! ! ! !

**סאנקא:** נִישְׁט זָא הֵייסְט זִיא ! זִיא הֵייסְט מִירַא, אוּן אִיז מַיין פְרוֹיא !

**מירא:** וֶעה נָאר סַאנְקָא ! אַלֶע קוּקֶען מִיךְ אָן גְלַייךְ אִיךְ וָואלְט גֶעוֶוען אֵיין בֶּעזֶער גֵייסְט ? שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִישְׁט לִיעבֶּע הֶערְשַׁאפְטֶען, מִיר זֶענֶען עֶהְרְלִיכֶע לֵייט.

**מלכה:** וֶוען אִיךְ זָאל נִישְׁט גֶעוֶוען זֶעהְן מִיט מַיינֶע אוֹיגֶען, וָואלְט אִיךְ עֶס נִישְׁט גֶעגְלוֹיבְּט.

**אליקים:** (צייגט אויף סאַנקאַ) עֶר הָאט מִיר דֶעמִילְט דֶעם פַּאטְשׁ גֶעגֶעבֶען, אוּן עֶר הָאט רֶעכְט גֶעהַאט.

**יאסעלע:** אֵיין לִיכְט גֶעהְט מִיר יֶעצְט אוֹיף ; שׁוֹידֶערְהַאפְט ! וֶועגְט אִיהְר עֶס דָארְט גֶעוֶוען בַּייא דֶער בְּרִיקֶע ?



**סאנקא:** יָא ! (צו מיראַ'ן) מִירַא ! זֶעה נָאר דָאס אִיז דָאךְ דֶער הֶערְר, וָואס מִיר הָאבֶען זִיךְ מִיט אִיהְם יֶענֶעם שְׁפַּאס גֶעמַאכְט ?

**יאסעלע:** אַ שְׁפַּאס ?

**סאנקא:** יַאה ! (צייגט אויף לייזערקע'ן) עֶר הָאט אוּנְז אַזוֹי גֶעהֵייסֶען, אִין אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גֶעטוּהְן, דֶען עֶר הָאט אוּנְז גוּט בֶּעצַאהְלְט דַאפִיר.

**מירא:** חַ חַ חַ חַ ... רִיכְטִיג ! „וֶועה מִיר ! מֵיין מַאן ! אִיךְ בִּין פֶערְלָארֶען"...

**אלע:** (צו לייזערקע'ן) מֶערְדֶער ! . . . .

**יאסעלע:** (צו לייזערקע'ן) שְׁוַוארְצֶע פֶּעסְט ! גְרוֹיעֶל דֶער מֶענְשְׁהֵייט ! וֶועלְכֶע מֶענְשְׁלִיכֶע אוֹיגֶען קֶענֶען אוֹיף דִיר בְּלִיקֶען אוּן נִישְׁט קְרַאנְק וֶוערֶען פַאר עֶקֶעל ? פַארוָואס הָאסְטוּ מִיר דָאס גֶעטוּהְן ? פַארוָואס ?

**סאנקא:** קוּם מִירַא ! עֶפִּים זֶענֶען זַייא וִויא דוּלְל. (ביידע אב)

**יאסעלע:** אָ ! פְלוּךְ אוֹיף דֵיינֶע לִיפֶּען ! נֵיין ! נֵיין ! וִויא שְׁוַוארְץ דֵיינֶע טְהַאט אוֹיךְ זַייא, אִים פֶערְגְלַייךְ צוּ מִיר בִּיסְטוּ אֵיין עֶנְגֶעל ! וֶוער הָאט מֵיינֶע פְרוֹיא אוּנְד קִינְד אוּמְגֶעבְּרַאכְט ? אִיךְ ! וֶוען עֶס אִיז צְוִוישֶׁען מֵיינֶע דִיעַנֶער אֵיין שְׁטְרֵייט גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיךְ פְרִיהֶער גָאר נִישְׁט גֶעמַאכְט, בִּיז אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעפָארְשְׁט וֶוער עֶס הָאט רֶעכְט, אוּן וֶוער אוּנְרֶעכְט.— אוּנְד מֵיינֶע פְרוֹיא הָאבּ אִיךְ פֶערְדַאמְט אוּנְד צוּם טָאדְט גֶעטְרִיבֶּען, אָהְנֶע אִיבֶּערְצֵייגְט צוּ זֵיין פָאן אִיהְר רִיכְטִיגֶער שׁוּלְד ! אָ ! פֶערְפְלוּכְט זֵייט אִיהְר מֵיינֶע לִיפֶּען ! פֶערְוֶועלְקְט אוּנְד פֶערְפוֹילְט, אִיהְר מֵיינֶע הֶענְדֶע. — קַיִן ! וָוא זִינְד דִיא 2 אוּנְשׁוּלְדִיגֶע לֶעבֶען, וֶועלְכֶע גָאט הָאט אִין דֵיינֶע הֶענְדֶע אַנְפֶערְטְרוֹיעֶט ? מִיט וֶועלְכֶעם רֶעכְטֶע טְרֶעטְסְטוּ אוֹיף גָאטֶעס עֶרְדְבָּאדֶען, צְוֵוייפַאכֶער מֶערְדֶער ! (גרייפט פון דער טאַשע איין רעוואָלווער און וויל זיך שיעסען, אַללע פאַקען איהם און פערהאַלטען איהם).

(פאַזיציאָן)

## פאַרהאנג פאַלט.

## ענדע דעם דריטען אקטעם.

---

(קאָהר אהנע מוזיק זינגט פיאנא).

מיר שעפער פיהרען א זים לעבען,
צופריעדען זענען מיר אין אונזער געצעלט.
לוסטיג און מונטער טוהן מיר שוועבען,
מיט אונזערע שעפעליך אויף דעם פעלד.

בינים: (וועהרענד מען זינגט) אה! איהר הערט? דאס זענען אָרימע פאסטיכער און זייא פרייען זיך מיט דעם לעבען, וואס גאט האט זייא געגעבען, חאטש זייא האבען קיין גוטס און קענען קיין גוטס ערווארטען.

יאסעלע: (מוטהיגער) וויא איהר זעהט קינדער, בין איך שוין ווידער לוסטיג. און דער געדאנק פאן זעלבסטמארד איזט שאהן פאראיבער.

זיסעל: ווילט איהר מיט אונז געהן אהיים? איהר וועט אייך אין אונז קויפען עולם הבא, ווארין זייט איהר זענט פון דער היים פערשוואונדען געווארען, זענען זיך אלע צערלאפען אין פערשיעדענע וועגען אייך צו זוכען, און אונז ביידע איז בעשערט געוועזען אייך צו געפונען, און אייך אָבצוראטעווען פון איין עבירה.

יאסעלע: נור איינע קורצע ווילע קינדער, לאזט מיך אליין! — דיא שעהנע שטילע נאטור און דער לויטערער הימעל האבען מיך נייא בעלעבט.

זיסעל: געלויבט איז גאט! וואס מיר זענען אייערע גוטע שלוחים געוועזען, קומטשע מיט אונז אהיים.

בינים: (אפארט) שטיל זיסעלע! אז ער רעד שוין פונם הימעל מיט דער נאטור, מעגען מיר איהם שוין לאזען אליין! נאר לאמיר זיך דא פערשטעקען, מיר זאלען אכטונג געבען אויף איהם. (ביידע אב)

יאסעלע: אליין! ענדליך האב איך מיך פון זייא בעפרייט. ניין! היינדערן זאל מיך ניעמאנד דאס לעסטיגע לעבען פון מיר צו פערווארפען, איין מארד בין איך בעגאנגען, דארום וויל איך זעלבסט מיין ריכטער, מיין הענקער זיין!

קינד: (פון דיא קוליסען) פאטער! פאטער!



# פיערטער אקט.

(יאסעלע לויפט זיך טרענקען).

זיסעל און בינים: (לויפען איהם נאך און שרייען ביידע) ב״ב לעבען! ב״ב לעבען!

יאסעלע: אך! ווארום זייט איהר געקאמען? וואס ווילט איהר פאן מיינעם יאממערפאללען לעבען?

בינים: זייט מיר מוחל ב״ב! אויך מיר, איז דאס לעבען אמאל נמאס געווארען, איך פלעג מיך ארומוואלגערן צווישען דיא בהמות און איך האב מיך אליין געפרעגט? בינים! צו־וואס טויגסטו אויף דער וועלט? קען זיך דיא וועלט אהן דיר נישט בעגעהן? שפעטער האב איך מיר אליין געענטפערט; באלעיע דא אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז דערוועלבער וואס ער האט דיך אראב געשיקט, וועט דיך צוריק ארויף נעהמען.

זיסעל: טאר מען אזוי? איהר זענט דאך עפיס א געלערנטער, טאר מען זיך אליין נעמען דאס לעבען? זייט מיר מוחל ב״ב, וואס אזא פראסטע מיידעל זאגט אייך מוסר. זעהט איהר, דיא אלע ביימער אין וואלד ווארפען זייא דען אראב זייערע בלעטליך איידער דער ווינטער קומט אן? און דאס גרינע גראז אויף דער ערד, בלייבט עס נישט פריש און גרין, ביז דער ווינטער קומט און פארבט עס וויים? אלסדינג אין דער נאטור ווארט ביז דיא צייט קומט, נור דער נארישער מענש איז איין איבערגעשראקען בעשעפעניש, קוים זעהט ער פאר זיך נור אשטיקעל שווארצע חמארע, וויל ער שוין דאס לעבען פון זיך אוועק ווארפען? איז דאס רעכט אזוי?

**יאסעלע:** וואס איזט דאס? איינע קינדערשטיממע רופט דאס ווארט פאטער? דעם היילינגען נאמען, וועלכען איך האבע דורך מיינע אייגענע שולד פערלארען? וואהער קאמט דיעזע קינדערשטיממע? וואס פיר איין שפיעל טרייבט מיט מיר דאס שיקזאל? . . . דארט זעה איך איין קינד צווישען דיא ביימער שלאפען, אונד איהם טרוים רופט עס פאטער. ווי לייכט קאן עס פאן איינער וועללע פערשווימען ווערען? ניין! מיך לאזט עס ניכט שטערבען, ביז איך וועל ניכט האבען פריהער דאס קינד פאן איינער געפאהר גערעטעט. (אב שנעלל, נעהמען דאס קינד

(יאסעלע ברינגט דאס קינד זאפארט אויף דער ביהנע).

**יאסעלע:** ערוואכע קינד! ערוואכע!

**קינד:** (ערוואכענד) פאטער?

**יאסעלע:** ניין מיין קינד, איך בין ניכט דיין פאטער. ווי קומסטו אהער?

**קינד:** איך וויים נישט! וויא בין איך דען?

**יאסעלע:** ביסטו אהער פערבלאנזעט געווארען?

**קינד:** יא! אצינד האב איך מיך דערמאנט. א ציגיינער מיט א בער. איך בין זייא נאכגעלאפען ווייט ווייט. און איך האב שוין נישט מעהר געקענט אהיים טרעפען.

**יאסעלע:** ביז דוא ביסט אהער פערלאפען? אבער פארוואס האב איך דיך געטראפען שלאפען?

**קינד:** איך האב שוין מעהר נישט געקענט שרייען, בין איך מיעד און אנטשלאפען געווארען.

**יאסעלע:** ווייל דא געהן זעהר ווענינ מענשען.

**קינד:** פיהר מיך אהיים צו מיין טאטע מאמע, איך בין אזוי הונגעריג!

**יאסעלע:** וואס זאל איך אצינד מיט דיר טוהן? וויא איז דיין היים?

**קינד:** ביי מיין טאטע מאמע!

**יאסעלע:** אין וועלכער גאס וואהנט איהר? ווי אזוי הייסט דיא גאס?

**קינד:** א גאס!



**יאסעלע:** ווי אזוי הייסט דיין פאטער?

**קינד:** משה!

**יאסעלע:** ווי אזוי נאך?

**קינד:** משה!

**יאסעלע:** וואס נאך פאר א נאמען האט ער?

**קינד:** משה!

**יאסעלע:** וואס איז ער?

**קינד:** א טאטע!

**יאסעלע:** ווי אזוי הייסטו?

**קינד:** בנימין! (וויינט) פיהר מיך אהיים, וועל איך דיך ליעב האבען, און מיין טאטע מאמע וועלען דיך אויך ליעב האבען. איך האב אין דער היים 2 שעהנע טויבען וועל איך זייא דיר שענקען, וועסטו זייא ברענגען דיינע קינדער.

**יאסעלע:** צו מיינע קינדער? אה גאט! (וויינט)

**קינד:** וואס ווייגסטו?

**יאסעלע:** ווער? ווער איזט אימשטאנדע דעם זיסען הערציגען טאהן פאן איין קינדס שטיממע צו ווידערשטעהן? יא! פערשיעבען וויל איך מיין טוידט אויף א שטונדע שפעטער. ווער ווייסט אויב דאס קינד איז נישט איין אויג אין קאפ ביי זיינע עלטערן? זאג מיר בנימינדיל, האסטו נישט ברידערליך און שוועסטערליך?

**קינד:** ניין! איך האב מיין מאמען אזוי פיהל מאל געבעטען, זיא זאל מיר קויפען א שוועסטערל און זיא קויפט מיר נישט!

**יאסעלע:** (צו זיך) איין איינציג אבגעציטערט קינד? וועלכע אנגסט מיזען זיינע עלטערן האבען? (צום קינד) קום קינד מיט מיר! האב איך אין מיין הויז טרויער און אונגליק געבראכט, לאס מיך וועניגסטענס פאר מיין טויט, אין איין פרעמד הויז גליק און טראסט ברענגען. נעהם מיך ארום מיט דיינע ביידע הענד, און לאז מיך נישט פריהער אב, ביז איך וועל דיך ברענגען צו דיין טאטע מאמע אהיים. (אב מיט'ן קינד)

**זיסעל:** דוא ווילסט ? וואס ביסטו דען ?

**בינים:** איך בין א טאטע, און וויל אז מיינע קינדער זאלען זיך לעבען בערוהיגט.

**זיסעל:** הערזשע בינים !

**בינים:** גענוג !

**זיסעל:** אוי אקורצע וויזיט ! זאגזשע מיר בינים ! וויא איז דער דין, אז איך וועל דיך הערען וויא דעם קאטער ? ·

**בינים:** אוי, אומגליקליכע קינדער דורך דער שווינער !

(זינגעןביידע דיא שווינער)

**זיסעל:** געה דיא נערדי'לע עס איז נישט גלייך,
דוא מיינסט אז אלע שווינערס זענען שלעכט,
איך קען אייך מענער איך קען אייך,
אז א יונגע שווינער איז שוין רעכט.

**בינים:** ווען יונג,
זאנאר נישט שלעכט.
אוי גאטוניא, טאטעניא, אוי, אוי !

Refrain גאט זאל נור געבען,
טאקע דערלעבען,
קינדער זייא צו מאכען פאר לייט.

**ביידע:** א שווינער מיט א שוועהר,
אוי, וויא דערלעבט מען יענע צייט,

אוי, ווער עס האט א שווינער
בעז נור ווי א טינער
אוי, א שווינער, אוי, אוי ! (טאנצען ביידע אב)

———



## פערוואנדלונג.

(עס פאלט א פארדערטאבלאו) א גאססע.

(אויפטריט זיסעל און בינים).

**זיסעל:** אוי ! אוי !

**בינים:** וואס איז דיר זיסעלע ?

**זיסעל:** איך ווייס אליין נישט, מיר איז היינט עפיס אזוי אויפ'ן הארץ.

**בינים:** מיר אויך !

**זיסעל:** וואס ? דיר אויך ?

**בינים:** יא ! מיר אויך !

**זיסעל:** זאגט דיר אויך עפיס דאס הארץ ?

**בינים:** נישט נור ס'זאגט, נור ס'באבעט.

**זיסעל:** אז וואס ?

**בינים:** אז ווען איך זאל דיר געבען א קיש וואלט איך מיך מחיה געוועזן.

**זיסעל:** געדענק: איך ווארען דיך צו גוטען, איך בין א קאזאק !

**בינים:** א ווייב א קאזאק הארט מיך נישט, אבי נישט א שווינער א קאזאק.

**זיסעל:** געדענקזשע בינים ! דיר גליסט זיך א שלימזל אויף דיין קאפ.

**בינים:** אוי וויא דערלעבט מען שוין דאס ? נאר איין זאך וועל איך מיט דיר אויסנעהמען ; אז מיר וועלען חתונה האבען, וועלען מיר דאך האבען קינדער, וועסטו דאך זיין א שווינער, נעם איך מיט דיר אויס איין זאך, אז דוא זאלסט נישט דערלעבען צו געהן צו זייא אין שטיעב אריין.

**זיסעל:** נוא, וואס זאגט מען צו אזא מין טיראן ? ער וויל מיר פערביעטען צו זעהן מיינע קינדער.

**בינים:** אוי איהר גליקליכע קינדער. הערסטו זיסעל ! אזוי וויל איך.



## פערוואנדלונג.

(ביים חזן אין שטוב).

(חזן און קאריסטען).

**חזן:** מענשען! העלפט ווער עס האט גאט אין הארץ, האט רחמנות אויף מיין קראנק ווייב און לויפט נאך א דאקטער, זיא קען נעביך דעם שמערץ נישט איבערטראגען, זיא האלט אין איין חלשן. (וייא ווילען לויפען) אונזער קינד! אונזער איינציג אויג אין קאפ. שוין אהאלבען טאג לויף איך ארום ווי א משוגענער, ווי דיא וועלט האט אנ'עק, בין איך שוין אויסגעוועזען. וועה מיר! ווער ווייסט? אפשר איז ער גאר אריינגעפאלען אין טייך אריין? איך בעט אייך מענשען, לויפט נאך א דאקטער און איך וועל לויפען זוכען מיין קינד. (אלע אב)

(אויפטריט בינים און זיסעל)

**ביידע:** ער איז שוין דא! ער איז שוין דא!

**חזן:** ווער זאל זיין?

**זיסעל:** יאסעלע מיט'ן קינד. (חזן לויפט צו דער טהיר בעגעגנעט זיי)

(אויפטריט יאסעלע מיט'ן קינד).

**חזן:** אוי בנימין לעב! קינד מיינס! (חזן רופט) מאמע! מאמע! דאס קינד איז שוין דא!

(יאסעלע לאזט צוריק דאס קינד און וויל אב).

**חזן:** וואסזשע יאסעלע, דוא ווילסט שוין אוועקגעהן? דוא ווילסט גאר אונזער דאנק נישט אננעהמען? נור רעכט האסטו חלעבען, דען מיט וואס קענען מיר ארימע טאטע מאמע דיר מעהר אבדאנקען ווי מיט ווערטער? נור זאג נאר יאסעניא, ווי וועסטו איבערראשט



ווערען, אז דוא וועסט הערען, דאס אנשטאט דיר צו דאנקען, בין איך בדעה געוועזען דיך גוט אבצושטראפען? זאל איך? נאר ניין! אין דיין פנים זעה איך, אז דוא ביסט שוין גענוג געשטראפט. יא! איך האב דיך שוין געשטראפט.

**יאסעלע:** וואס מיינט איהר דאמיט? וואס הייסט איהר האט מיך געשטראפט?

**חזן:** יא! איך, וועלכער האב געקענט דיין העגעל'ן פון קינדערווייז אויף, איך האב דיך בעשטראפט פאר דיין שלעכטער אויפפיהרונג. איך האב געוואלט דוא זאלסט אויך אביסעל פיהלען דעם טעם, וואס הענעלע האט געפיהלט. יאסעניא! איך האב דיר נעכטען געבראכט דיא שלעכטע בשורה, ווייל איך האב דיך געוואלט אבשרעקען, אבער יעצט שרעק דיך נישט מעהר, דיין העגעלע האט זיך נישט געטראנקען, זיא איז ביי מיר.

**יאסעלע:** (איבערראשט) מיין הענעלע!!!

**חזן:** אט וועל איך זיא דיר באלד אריינרופען (רופט) הענעלע! הענעלע! קום אריין הענעלע!

(אויפטריט הענעלע)

**יאסעלע:** (קניעט) מיין הענעלע!!... (וויינט)

**הענעלע:** וואס טוהסטו? פאר מענשען? שטעה אויף מיין הערץ, קום אין מיינע ארמע!

**יאסעלע:** ניין! אין שטויב לאז פאר דיר דעם בעל תשובה ליגען! אה! מיט וואס, קען איך גוטמאכען, מיין אונמענשליך האנדלען געגען דיר?

**הענעלע:** ניכט דיינע שולד וואר עס. גענוג! פערגעסען וויר אללעם! פערגעסען אונד פערגעסען! קום מיין הערץ! מיין יאזעף! מיין מאן!

**יאסעלע:** וויעדער מיין! מיין! (אומארמונג)

(אויפטריט מלכה פון קוליססען).

**מלכה:** איז דאס אמת? איז דאס אמת?

**בינים:** אהא! דיא גוטע שוויגער געהט שוין.

**מלכה:** (ערשטוינט) וויא איז זיא? וויא איז זיא?

**בינים:** איך וועל איהר באלד עפּיס אבטוהן (לעגט זיך ניעדער. וועהרענד מלכה וויל צולויפען צו העגעלע'ן זיא צו אומארמען).

(מלכה פאלט איבער איהם).

**מלכה:** איך בעט דיך כשר קינד! זייא מיר מוחל!

**בינים:** קוקט אן דיא גוטע שוויגער! וויא ווייך זיא רעדט? אוי גוטע ברידער, היט אייך פאר א שוויגער!

(זינגעןביידע דיא שוויגער זייטע 53, טאנצען ביז דער פארהאנג פאלט)

## פארהאנג פאלט.

## ענדע דער פיעססע.

